Zunser, Eliakum.
Mekhires Yosef : eyn
teater shtik.
Vilna, [1914].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1895.8

**Zunser, Eliakum, 1836-1913.**
Mekhires Yosef : eyn teater shtik ... / fon Eliyakim Tsunzer.
Vilna : M. Katsenelenbogen, 674 [1914]
Varying form of title: Mekhirat Yosef
194 p. ; 18 cm.

1. Joseph, (Son of Jacob)--Drama 2. Yiddish drama.—lcsh
I. Prodazha Iosifa brat'iami. II. Lithuania-Vilna

ID : NXYH01-B21937 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /13600

Reduction ratio X 10.0

פערלאג פאן מרדכי קאצענעלענבאגען, בוכהענדלער אין ווילנא.

# מְכִירַת יוֹסֵף

## איין טעאטער שטיק אין זיבען אקטען אונ אין זיבעצעהן סצענען.

גיפארמירט נאך די בעסטע אונ גלייבסטע דעות פון גמרא, פון מדרשים, פון ילקוט, פון מפרשים, אונ פון אנדערע קלוגע ספרים, פערפאסט דורך אוים אין לידער מיט גיזאנג, צום פאר שטעלין אויף דער סצענע, באשריבין די קאסטיומען מיט דיא דעקוראציאנען, נאך דיא עגיפטישע זיטין, אונ זייער מיטהעלאגי.

פאן

אליקים צונזער
בדחן מווילנא.

ערשטער טהייל

ווילנא
דרוק פאן יצחק יהודה ליב קאצינעלינבויגען.
תרע"ד

*Элiокимъ Цунзеръ.*

# МХИРАТЪ ІОСИФЪ

## Продажа Іосифа братьями.

*Часть*  *Первая.*

Изданiе и собственность
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНА,
Книжный магазинъ. Вильна, Еврейская ул. д. № 1.

ВИЛЬНА
Электро-тип. И. А. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНА,
Виленская ул., д. № 10.
1914.

# הקדמה

קיין איינציגע געשיכטע, פון אונזער היילגין תנ״ך האט אזוי א איינדרוק ניט געמאכט אונ איז נאך ניט אזוי באקאנט דעם פאבליקום פון אונזערע אידין וויא די געשיכטע פון מכירת יוסף, אונ דאך, ווער עס וויל פאר אונזערע אידין די געשיכטע אלס א ריינע דראמע פאר שטעלין, פאר צאמען איינינע קשיות די וועג פאר דעם שרייבער וועלכער וויל פון קבלת חכמים ניט אב טרעטין, 1) וויא מיר געפינען אז יהודה איז געגאנגען שערין זיינע שאף, נוא געוויס האבין דיא איבעריגע ברידער אויך געהאט פיל שאף אונ רינדער, זאלין זיא זיך מתקנא זיין אף א העמדיל וואס דער פאטער האט יוספין אן געטאן? עס טרעפט היינט דאס רוב אז א פאטער מאכט איין קינד א בגד אונ דעם צווייטין ניט פון דעסט וועגין הרגת מען זיך ניט אף טויט. בפרט יעקב אבינו׳ס קינדער די היילינע שבטים, רייכע מענשין, אונ פון 20 ביז 25 יאהר זאלין זיי וועלין שלאגין צום טויט א ברודער פאר א העמדיל? אויב ווידער די קנאה איז ניט געוועין פאר דיא העמדיל נאר ווייל דער פאטער האט עס געליבט מער פון זייא אונ דעריבער האט ער אים די העמדיל געגבין, אויב אזוי איז דאך דער פאטער שולדיג וואס ער ליבט אים, אבער ניט יוסף וואס אים ליבט מען, וואס האט יוסף געקענט מאכין אז זליכה האט אים געליבט? אויב ווידער פאר דיא חלומות האבין זייא דאך געדארפט וויסען אז אזעלכע חלומות איז פון גאט, אזוי וויא עס איז טאקע באמת דער נאך מקוים געווארין, אונ ניט וועלין אים טויט שלאגין דער פאר? די רכילות, איז דאך מטה נפשך קשה, איז דיא רכילות געוועזן

…קר, טוא וויא האט עם יוסף הצדיק גיבראכט פאלשע רכילות?
…ז ווידער גיוועזן אמת טוא וואס האבין זייא צוא יוספין? האט
… ניט …כטיג גיזייען, טוא ווי האט יעקב ניט אויס גיפרעגט
א… בפרט אז ער … וויסען אויב דאס איז רעכט אדער
אונרעכט? — 2) מיר גיפינען אין דברי הימים אז יעקב האט
איבער גיגעבין דיא בכורה יוספין איז קשה וואס איז גיוועזן דיא
בכורה פאר אזוי אגרויסע זאך אז צו ליב איר איז ארויס גיקומען
אזו פיל קילקולים? אויב צו נעמען 2 חלקים ירושה, עקסעסטירט
דאך נאך היינט אויך אין פיל ערטער בייא אידין. פון דעסט
וועגין קומט גאר ניט ארויס זעלכע סבות אונ שנאות וויא מיר
געפינען בייא יצחק מיט ישמעאלין, בייא יעקב מיט עשוין.
בייא יוסף מיט דיא ברידער, אונ אלץ צוא ליב דיא בכורה?.
3) ווארום האט יוסף פון מצרים ניט אן גיזאגט צום פאטער אז
ער לעבט? פאר וואס האט ער איהם גילאזין אזוי פיל טרויערין?
לאז שוין זיין אז די צייט וואס ער איז גיוועזן בייא פוטיפר'ן האט
ער ניט גיקענט אן זאגין אונ אזוי אויך דיא צייט וואס ער איז
אין תפיסה גיזעסין. אבער די 9 יאהר וואס ער וואהר וויצע קעניג
דאמאלס האט ער דאך גיקענט אשקאדראן סאלדאטין שיקין צום
פאטער אונ אן זאגין אז ער לעבט? בפרט עס איז גאר ניט אזוי
ווייט, דיא ברידער האבין זיך מיט משא אין אקורצע צייט גיקערט
צוויי מאל הין אונ צוריק, נאך מער אז ער האט אזון גיבארן גיט ער
אים אנאמען מנשה, אונ זאגט כי נשני אלהים את כל עמלי ואת כל
בית אבי, דאס טוט אטרייער זון? ער דאנקט גאט אז ער האט
זיך אן טאטין פר געסין אזוי אפאטער וואס לערינט מיט אים תורה
אונ חכמה, וואס ליבט אים מער פון אלע קינדער, מיט אמאל איז
ער אמשנה [illegible] אונ לאזט דעם פאטער טרויערין? נאך מער,





אז דיא ברידער קומען שוין צוא אים אין מצרים, זאג אים
דאמאלס אן, גיין, פאר האלט ער נאך ביי זיך שמעונן אונ הייסט
ברייגען בנימינן, ביז דער פאטער שרייט פון צרות, יוסף איז
ניטא, אונ שמעון איז ניטא, אונ יעצט בנימין? דער ענטפערט
די גמרא'ס תירוץ "אז די ברידער האבן גמאכט אחרם אז מען זאל
דעם פאטער ניט אויס זאגן", זיי האבין דאך אבער יוספין ניט אריין
גינומען אין חרם, האט ער דאך גמאגט אן זאגן צום פאטער? בפרט
סוף כל סוף האט ער דאך פארט אן גיזאגט, אונ יעקב האט שוין
דער נאך גיוואוסט אז דיא ברידער האבין אים פאר קויפט? —
דער ווידער ענטפערט "אז יוסף האט גימוזט שווייגין כדי עס זאל
מקוים ווערין דיא חלומות" דאס איז אבער אויך קיין תירוץ ניט,
דען אז דיא חלומות זאל מקוים ווערין איז בלאנגען אן גאט, אונ
יוסף אלס מענש גאר דארף ניט לאזין אפאטער טרויערין 22 יאר?
גאט האט גיזאגט אברהמן אז זיינע קינדר וועלין דינען אין דער
פרעמד. פון דעסט וועגין אז פרעה האט מיט זייא גיארבעט האט
ער באקומען זיין פסק — גאט דער מסבב הסבות טוט זיך דאס
זייניגע, אונ ברויכט ניט קיין הילפע פון אמענשין יוסף זאל אים
העלפין זיינע חלומות זאל מקוים ווערין? —

אונטער אנדרע נאציאנען אין פער שיידענע שפראכען איז
זיא אויך פיל מאל גישפילט גיווארין אונ ווערט גישפילט נאך עד
היום, זיי זיינען ניט גיצוואונגען צו דיא גמרא, אויב עס ווייזט זיי
אארט וואס עס לאזט זיך ניט שיקין, שפילין זייא נאך זייער
איינגענעם פאר שטאנד — אונ אונטער אונזערע אידין צייט מיר
גידיינקען האבין דאס נאר גישפילט ארעמע בחורים, אדער דיא
פער צייטיגע בדחנים אף אחתונה, קורץ פון זייער גיפיל אף
אדראמא האבין מיר גיקענט צו דער גישיכטע זייער ווייניג הילפע

# הקדמה

באקומען -- דער בריהמטער מחבר פון תוכן עלילות וויא וואהל ער האט איר מייסטער ווערק גיארבעט דאך האט ער דיא אלע שווערע פראגען אונז ניט ענטדעקט — אין דיזע קליינע ווערקיל מיינע איז אלע פר ענטפערט. ער שילדערט נאך דר אלטר היסטאריע נאך זייערע זיטין אונ מנהגים, דאס מען קאן מיט רעכט זאגן דאס עס ליגט אויף זיי דער גאנצער אלטערטהום ווי עס וואלט גיוועזן גישריבין מיט פערטהאלבין טויזינד יאהר צוריק — אונ דיא אלע שווערע פראגען ווערין דא גלייך, גיקליבין גוטע ווארטין פון גמרא פון ילקוטים פון מפרשים, גיפאסט איין דעה צוא דיא צווייטע ביז עס איז פאר גלייכט גיווארין אלע שווערינקייטין, דען דברי תורה עניים במקום זה ועשירים במקום אחר —

פאר דיא וועלכע וועלין מיר פרעגן וואס נוצט אונז אלטע היסטאריע, ליבערשט שרייבט אונז פון היינטיגער צייט, מיר זאלין זעהען לעבעדיגע בילדער, אויף אייער פראגע מיינע לעזער מוז איך אייך ענטפערין ניט ווי אלע מחברים שרייבין אין זייערע הקדמות, אז זייא מיינען ניט קיין כבוד אונ ניט געלט נאר זייא ווילין מזכה הרבים זיין אדער זייא מוזען שרייבען וייל זייער נאטור דריקט זייא דער צוא וויא דיא פויגיל דאס זיא מוז זינגען (אדער וויא דער האן אז ער מוז קרייען). איך בין גראדע פאר קערט, איך בין מאמין באמונה שלמה אז איך וואלט גיוועזן אנגיד וואלט איך גיוויס ניט גישריבין אונ מיין אינסטינקט וואלט מיר נאר דאצו ניט פרעסין איך בין זיך מודה אפין פאר אייך אלע אז איך בי"ן נאר דעם גראשין, —

**אליקים צונזער מווילנא.**

(מכ"י)

# די פערזאנען וועלכע קומען דא פאר

יצחק, איינוואהנער אין כנען אין חברון,
יעקב, זיין זון,

ראובן
שמעון
לוי
יהודה
יששכר
זבולון } די זין פון יעקב
דן נפתלי
גד, אשר
יוסף
בנימין

דינה, זיין טאכטער,
שרח, די טאכטער פון אשר,
שמה, דער קנעכט פון יעקב,

---

אמאן, ביא שכם,
טלמון, אאראבישער סוחר,

---

(מכ"י)

פוטיפר, דער שעכטי מייסטר פון קעניג פון מצרים,
זליכה, זיין פרוי,
אסנת, זייער טאכטער,
חמוטל, איר גוווערנאנטין,
עלוקה
עזובה } זייערע דינערין,
חרנפר, דער הויפט וועכטער אין תפיסה ביי פוטיפר

---

פרעה, דער קעניג פון מצרים
התחפנס, דיא קעניגין
הדורם, אאלטער אדיוטאנט,
תתרע, דער טראנק מייסטער פון קעניג,
עזמות, דער אויבער בעקער.

---

יוסף, דער זון פון יעקב,
אסנת, זיין פרוי,
מנשה
אפרים } זייערע זין,

סלוא, זיין אויבער אדיוטאנט,
עבדון, זיין קאמער דינער,
אחישחר, זיין קוטשער,

בקבקך, דער הויפט חרטום
אין מצרים,
ארבער, מורינען, תפוצים,
שניסטארין, נעגעראלין

חרטומים, דינער, זינגער
קאהר, מוזיק, דיא וואך פון
קעניג, דיא וואך פון יוסף,

דיא געשיכטע פאנגט זיך אן
אין כנען אין 2216 יאר פון
באשאפונג דער וועלט,
ענדיגט זיך אין מצרים
אין 2238 יאר,

# ערשטער אקט

## ערשטע סצענע

(דער פאר האנג וויקילט זיך אויף, עס איז צוא זעהען אשיינער זאל, בייא דער זייט שטייען צווייא בילדער פון שטיין, אברהם אבינו מיט זיין פרוי שרה, פון פארינט ביי אטיש זיצט יעקב העברי אף אשטול, אונ קוקט אין אספר אאלטין, עס עפינט זיך די טיר, עס קאמט אריין יוסף, איונגר מענטש פון 17 יאר, גיקליידעט אזיאטש, נייגט זיך צום פאטער מיט גרוים עהרע פורכט).

יוסף

גוט מארגין הער פאטער!

יעקב

ווען דיך יוסף לעבין מיר אנידער
איך ליב דיר מער, פון אלע דיינע ברידער
וואס איך האב גילערינט, פון מיין טאטין אונ זיידין
פלעג איך דאך אלעס, מיט דיר איבער ביידין
אונ איידער איך בין אוועק קיין הרן
איידער דיין מוטער, איז מיין ווייב גיווארין
בין איך גיזעסין בייא שם ועבר פערצעהן יארין
אונ אלעס וואס זיא האבין מיר, איבער גינעבין

גיב איך דיר איבער, פאר דיין לעבין
אונ ווייל דוא ביזט קלוג, מיט פאר שטאנד
גיב איך דיר איבער, דעם ספר, וועלכין איך האלט אין האנד
דעם ספר האט מיין זיידע אברהם גישריבין
אלע חכמות, אלע סודות, האט ער דא צוא נויף גיקליבין
האסטו בעטראכט אונזערע שכנים, וועלכע וואוינען דא ארום?
האסטו גיזעהען זייער פירונג, זייער גלויבין, וויא קרום?
אזוי איז מיין עלטער זיידע, אויך גיוועזן
נאר געטער, אונ געטער, האט מען ביי אים גיזעהען
אנדערע פון האלץ, אנדערע פון שטיין
אנדערע פון גאלד, אנדערע פון ביין
וויא וואהל איך האב דיר שוין, פיל מאל דער ציילט
וויא גאט האט מיין זיידין, פון אלעמען ערוויילט
דאך שאדעט ניט, נאך אמאל צוא ריידין
ערקלערין דיר דיא מעלות, פון מיין היילינין זיידין
שוין דרייא אונ ניינציג יאר, פאר בייא גיפלויגין
צייט מיין זיידע, האט פאר מאכט זיינע אויגין
איך וואר דאמלס פופצין יאר אלט
אונ עס שטייט מיר נאך פאר, זיין היילינע גישטאלט
דוא זעסט דעם בילד? בעטראכט אים גוט?
דאס איז דאך וויס, אונ ער וואר רויט, מיט בלוט
זיין ליכטינע גישטאלט, זיין פרייליכע מוהט
גאטעס גייסט, האט אויף זיין גיזיכט גירוט
אידער מיין זיידע, איז גיבארין גיווארין
זיין פאטער תרח האט נאך גיוואוינט אין חרן
אין דיא גאנצע וועלט גיוועזן פאר איטט

נעצין



נעצין דינעריי, האט איבעראל עקסעסטירט
אלע לענדער, אונ אלע אומות
האבין גילעבט, וויא בהמות
וויא צוא וויסין גרויסע אינדין, אן אזאגיל אשיף
פון איינציגין גאט, ניט גיהאט קיין בגריף
אף יעדער מין, האבין זייא גיהאט געטער
אף ימים, אף בערג, אף בוימער, אף בלעטער
אנאט פון מלחמה, אנאט פון ליבע
אונ אזוי געטער, אף יעדער סיבה,
יעדער שטערין, גיהאלטין פאר אנאט
גיבויט פאר זייא טעמפעל, אין יעדער שטאט
דיא זון האבין זייא אויך, פאר אנאט גיטרויט
היילינע טורעמס, צוא איר נאמען גיבויט
האבין מקריב גיוועזן מענשין, אנשטאט קרבנות
קליינע קינדער גישעכט, גאר אן רחמנות
דער קעניג וואס האט איין גינומען אשטאט
האט ער זיך שוין גיקרוינט, מיט דעם נאמען גאט
אזוי האט נמרוד גיפירט, וואס האט דאמאלס גלעבט
דער פעביל איז גיוועזן בלינד, אונ פאר גרעבט
דיא כהנים, דיא רעדיל פירער, האבין פאר פירט די וועלט
מיט מאגיעשע קונצין, אוים גינארט געלט
אונ האבין דיא קונצען גירופין היילינ
אונ דער פאר באקומען, דעם בעסטין חלק
דער פעביל גלויבט, וואס דיא פריסטער זאגין
מיט שקר דיא וועלט, פון אמת צוא פאר יאגין
(אזוי וויא דוא זעסט נאך, דא עד היום

וויא דיא פעלקער גרייזין, זינקען אין תהום
נאר מיר האפין, אז מיט דער צייט
וועלין זיא באקענען, זייערע נארעשקייט)
ביז מיין זיידע אברהם, איז אויף געשטאנען
אונ האט ערקלערט, אז איין גאט איז נאר פאראנען
וואס באשאפט די ערד, די זון, די שטערין, די לבנה
אלע פלאנצונגען, אונ חיות, פאר דעם מענשין אמתנה
וואס ער פאר לאנגט נית קיין מענשין פאר קרבנות
נאר איינער אף דעם צווייטין, זאל האבין רחמנות
זיין קרבן איז, אהארין אריינע
זיין טעמפיל, איז דיא נאטור דיא שיינע
אונ אזוי האט מיין זיידע, גיטאן ערקלערין
דעם גאנג פון דיא זון, מיט אלע שטערין
אזעלכע וואס לייכטין, פיקס שטערין קאמעטין
דעם גאנג, אונ דיא גרויס, פון אלע פלאנעטין
פון דעם האט ער, דעם בערעכנונג גינומען
די חדשים, די יארין, זאלין גראדע אויס קומען
אונ נאך פיל חכמות האט ער בעטראכט
ביז גאט גיט אים, די קראפט די מאכט
עם דעם ערשטין, גיגעבין אין האנט
זיין גלויבין אין דער וועלט, צוא מאכין בעקאנט
אזוי איז ער גיגאנגען, פון שטאט צוא שטאט
באקאנט צוא מאכין, דעם נאמען פון גאט
נית איין מאל האט ער צרות גיליטין
נית איין מאל מיט מלכים, מיט וויכוחים גישטריטין
עם האבין זיך שוין גיפונען מערדערשע הענד





וואס וואורפין אים אין פייער, ער זאל ווערין פאר ברענט
נאר דער גאט פון אברהם, איז פול מיט רחמנות
ער האט אים מציל גיוועזן פון דיא גרעסטע סכנות
דיא מענשין וואס האבין דאס, גיזעהען מיט דיא אויגין
האט ער פיל פון זייא צוא זיין אמונה צוא גיצויגין
דעם זעלבינין גלויבין האט ער פאר זיין לעבין
מיין פאטער יצחק, איבער גיגעבין
מיין פאטער האט אויך, מיט חכמה, מיט תבונה
צוא גיצויגען הונדערטער, צוא זיין אמונה
אונ אזוי האט מיר מיין פאטער דער הויבין
אין איין גאט, אייביג צוא גלויבין
וועלכער האט קיין גוף, וואס אים דער האלט
קיין אדערין, קיין גלידער, אויך קיין גישטאלט
ער האט קיין אברים, אונ דאך קיין בעל מום
ער האט קיין אויגין, אונ זעט אומעטום
אונ יעדער באשעפעניש, איז דורך זיין בגריף
ווייס וואס אויבין, ווייס וואס אין דער טיף
ער האט נית קיין ברייט, קיין הויך, קיין מאס, קיין צורה
אונ איז פול אומעטום, דא, אונ דארט
קיין פאר בארגענהייט, איז פון אים פאר שטעלט
ער טוט וואס ער וויל, ער וויל וואס אים גיפעלט
נוטע גיט ער שכר, שלעכטע ווערין באשטראפט
פאר לאזט נית דעם, וועלכער צוא אים האפט
וויא וואול איך לערין אלעמען, וואס גאט הייסט
אבער דיר נאך מער, ווייל דוא ביזט מיין טרייסט
דיין מוטער נואר מיר, טייערער פון אלע

דוא מיין בן פורת, ביזט איצט איר ארט סמלא
די בכורה די הערשאפט אין שטוב אונ אין פעלד
גיב איך דיר איבער, ווייל דוא ביזט אהעלד
דען אין מיין ראובענען האב איך דער קענט
אז ער איז צוא היילענד, ער פלאמט, ער ברענט
אונ אהערשער צוא זיין, איז דיא הויפט זאך גידולדיג
וואגנעם קאן דער רייגער, ליידין אום שולדיג
דרום גיב איך דיר דיא בכורה איבער
דאצו אהעמדיל אין פאסין, ווייל דוא ביזט מיר ליבער
צום באווייז אז דוא שטייגסט שוין, דיא ברידער אריבער
דען דער בכור דארף זיין, אנדערש גיקליים
צום באווייז אז ער איז דער הערשער, נאכין פאטערס טויט
מיין ברודער עשו, האט אויך קליידער פרעכטיג אונ קלאר
איידער מיין פאטער, מאכט מיר פאר אבכור
צוא ווייזין אז דוא ביזט בייא מיר מערער גיאכט
גיב איך דיר אזיידענע העמדיל, פון מצרים גיבראכט
פאר אצייכין פון הערשאפט, וועט זיא דיר דינען
דוא וועסט ריכטין, שטראפירין, נאך דיין פאר שטאנד אונ זינען
דוא קענסט דיא הערשאפט, איבער געבין דיינע דורות
דוא ביזט מיין בן זקונים, דיך רוף איך בן פורת
איך גייא יעצט מיין קינד! אין מיין חדר באזונדער
בעטראכטין, אונ לערנען, גאטעס וואונדער

(יעקב גייט אריין אין זיין חדר, יוסף פאר בלייבט אליין)

יוסף

מיין פאטער האט מיר, פאר אהערשער גימאכט
צום צייכין טוט ער מיר אן, אהעמדיל אפראכט
דאס



ואס איך מעל הערשין, מיט קראפט, מיט מאכט
אונ דעם גידאנק פון הערשין, בייא טאג ווען איך טראכט
קומט דאס מיר פאר, אין טרוים בייא נאכט
שוין דעם צווייטין מאל אז מיך טרוימט, אונ וויא קלאר
פונקט וויא עס וואלט דאס, זיין אויפין וואר

(דיא צעהען זין פון יעקב קומען אריין גיקליידעט נאך
אזיאטעשין פארעם מיט פייל אונ בוגענס ביי דער זייט,
יוסף בעמערקט אז זיי קוקין אויף אים איפערזיכטיג, ער
זוכט ווערטער, אריין צו קומען מיט זיי אין אגישפרעך)

יוסף

איך האב אייך דער ציילט מיין חלום געכטין
וואס איר רעכינט מיר דורך דעם פאר אשלעכטין
אז צוא מיין גארב בוקין זיך אייערע גארבין
איך באמערק, אייער גיזיכט, בייט זיך אין אלערלייא פארבין
גאר רעט וואס איר ווילט, טראכט וואס איר טראכט
הערט גאר מיין טרוים פון היינטיגע נאכט:
היינטיגע נאכט, טרוימט מיר אטרוים
אז איך שטייא אונטער דעם הויכין רוים
פלוצלונג הייבין זיך אן פלאנעטין צוא קערין
אונ דיא זון מיט דיא לבנה מיט עלף שטערין
בוקין זיך אלע מיט הכנעה צוא מיר
פונקט וויא דער קנעכט פאר זיין הערינס טיר

(יעקב הערט עס אין זיין חדר, ער קומט אריין, אונ
בייזערט זיך אן אף יוסף)

דוא

## יעקב

דוא רעדסט נאך איבער, דיא דומהייט ווידער
אז איך אונ דיין מוטער, אונ דיינע ברידער
וועלין שטיין פאר דיר, גיקניטער היינט
פאר געמט אז דיין מוטער, איז שוין לאנג טויט

(יעקב גייט אריין צוריק אין זיין חדר, יוסף גייט
אים נאך, דיא ברידער פאר בלייבין)

## שמעון

וויא גיפעלט אייך קינדער זיינע חלומות ? !
ער איז דאס דער פאסטוך, אונ מיר דיא בהמות !

## לוי

ניין ברודער ! דוא זאגסט נאך שלעכט
ער איז דער הערשער, אונ מיר דיא קנעכט

## יהודה

אויב איר ווייסט ניט איצט, וואס דיא חלומות באדייט
וועט איר עס פאר שטיין, מיט דער צייט

## זבולון

ווייל ער פון הערשין טעגליך טראכט
דרום טרויערט זיך אים דיא זעלבע ביי נאכט

## ראובן

איר ווייסט זיין זין, פון די רכילות טרייבין ?
כדי ער זאל דער איינציגער יורש בלייבין ,





## יששכר

אזוי פירט זיך די וועלט, אזוי גיפינען מיר בשריבין
איין זון ירשנט, דיא איבעריגע ווערין פאר טריבין
ווייל הבל האט גיוואלט קינגען, פון ירושה פאר יאגין
דרום האט אים קין, צום טויט גישלאגין
דער אלטער נח, האט חמען פאר טריבין
נאר איין שם, איז ביא דער ירושה גיבליבין
דער עלטער זיידע אברהם, גיט יצחקין ירושה
ישמעאלין מיט זיין מוטער, פאר טריבין מיט בושה
דער זיידע יצחק, גיט אונזער פאטער דיא ברכות
אונ עשוין אפרנסה, פון שווערד מלאכות
אט דעם זעלבינין עסק, דעם איינגענעם משא ומתן
מאכט דא יוסף, מיט אונזער אלטין טאטין
קריכט מיט חניפות, צוא אים אין בוזים אריין
כדי אונז, מעביר נחלה צוא זיין —

## נפתלי

דיא וועלט זאגט: ווען עס איז בוסט דער מאגין
יענער מוז, פיל בעס טראגין

## אשר

מיר זיינען דאך נאר עסין גיקומען
וואס האבין מיר זיך אין רייד פאר נומען

## גד

קומט ברידער ! שוין צייט מיטאג עסין
דאס וועט אייך דיא שנאה פאר געסין

### דן

אז מיר וועלין דעם מאנין זיין מחנה
וועלין מיר שוין דעם צווייטין ניט זיין מקנא

(דיא ברידער גייען ארויס, יעקב קומט אריין, מיט
דעם ספר אין האנד, נאך אים יוסף, ער זעצט זיך
אויפין שטול, יוסף לעבין אים, יעקב קוקט אין ספר,
פלוצלונג ווערט ער ענציקט פון דעם ספר)

### יעקב

פיל בין איך עס ביא דיר ווערט
אז איך האב דיר דעם ספר ערקלערט

### יוסף

איך קען דיר פאטער ביא מיין לעבין שווערין
אז איך וועל טאג אונ נאכט, אין דעם ספר קלערין
איך וואלט וועלין, מיינע ברידר, זאלין אויך האלטין דאס געבאט
ניט אפ קערין, פון דיא וועג, פון דעם לעבעדיגין גאט
ווייל פיל מאל טוען זייא וואס ניט רעכט
דיא קינדער פון בלהה, רופין זייא קנעכט
דוא פאטער האסט דאך אונז געלערנט פאר קערט
מבייש זיין אחבר, זאל ניט ווערין געהערט
אלע זיינען מענשין, ווער גאר אטום האט
רייך אונ ארום, זיינען גלייך ביא גאט
בפרט ברידער, מוזין זיך געוויס זיין צייט
איינער דעם צווייטין, ניט צוא זיין מבייש

שמה



### יעקב צום קנעכט

שמה! (שמה לויפט אריין)

### שמה

וואס ווינשט איר מיין הער?

### יעקב

דיא קינדער האבין אפ געגעסין? רוף זייא אהער!
(שמה לויפט ארויס)

### יעקב צוא יוספן

באלד זאג איך דיא קינדער אן
ניי זאלין ווייטער דיא אום רעכט ניט טאן

### יוסף

גאר פאטער מיט אנגלאסענע מינע
זיי זאלין אף מיר ניט טראגין קיין שנאה

### יעקב

זייא רואיג מיין קינד, איך וועל געוויס פאר שטיין
מיט געלאסענע ווערטער, מיט זייא זיך צוא בגיין

(דיא ברידער אלע קומען אריין, גענעהענען צום פאטער)

### אלע

וואס איז ליבער פאטער?

### יעקב

גיין קינדער! גאר עטוואס מורא'ל
מוסר שאט קיין מאל ניט, דאס איז אכלל

דער

דער מענש מוז זיך בערעכענען אלע טאג, אלע צייט
ער זאל פון פונקט ניט אוועק גיין ווייט
אף יונגע מענשין איז דאס געזאגט געווארין
בפרט איך צוא מיינע אלטע יארין
איך בין שוין אמאן פון הונדערט אכט יאר
מיין קאפ, מיין בארד, איז פול מיט גראע האר
מיין לעבין איז אוועק, אין צרות, אין רויך
פון עשו'ן, פון לבן, פון דינה'ן אויך
דער טאג פון טויט, איז פון מענשין פאר שטעלט
אום געריכט פאר לאזט מען אוועלט
איך לאז איבער אאייגנש פאר אייך מיינע קינדער
זילבער, אונ גאלד, שאף, אונ רינדער
עופות אין הויף, האניק אין דיא וועלדער
הויז ראט אין שטוב, תבואה אף דיא פעלדער
איר וועט געניסין, מיט פאר געניגין, פרייליכער הייט
אייער טאטינס מיה, וואס האט אייך אן געגרייט
אבער פיל מענשין, האבין דעם פעלער געהאט
באקומען האפערדיקייט, ווען זייא זיינען זאט
[illegible]ייען אפין גאס, מיט גאוה, מיט שטאלץ
[illegible]אר אכטין דעם צווייטין, וויא שטיין וויא האלץ
[illegible] דעם אנדערין, פאר זיך גרינגער
[illegible] מענשין, קיין עלטער, קיין אינגער
[illegible] אייגענע ברידער, זיינען זייא מבייש
היט אייך קינדערלאך! דאס איז חיות!
נאט האט צלעמען אין איין פורעם באשאפין
ארעמע אונ רייכע, הערין, אונ שקלאפין





שעצט יעדער מענשין, מיט ענוה זייט געצירט
אזוי האט זיך מיין זיידע אברהם געפירט
מיין פאטער האט אויך קיינעם בארירט
שענדליך איז יענער, ווער עס שטאלצירט
ער ווערט אוים געלאכט פון גאט אונ פון לייט
יאגט ער זיך נאך כבוד, איז דער כבוד פון אים ווייט
גייט זע קינדער אין פעלד, אייער שאף וויידין
אין אנאנדער צייט, וועל איך מער דער פון ריידין

(יעקב שטייט אויף פון זיין שטול, גייט אריין אין זיין
חדר, יוסף גייט אים נאך, דיא ברידער בלייבין אליין)

## יהודה

יא רייד פון אונזער פאטער, וויא געשמאק, וויא זים

## זבולון

דאך איז דא פאראנגען פון בעל רכילות אבים

(שמיה דער קנעכט וועלכער איז ביז יעצט
געשטאנגען ביין טיר, גענעהענט צו דיא ברידער)

## שמה

יוסף האט ערשט מיט אייער פאטער גירעט
ער האט אים דער ציילט, פון אייך דעם חטא
דאס איר שטאלצירט, מיט גאוה פיל
אייער פאטערס רייד, שטרעבט אויך צוא דעם ציל

## שמעון

ניין ברידער! איך וועל מיך מיט עם ניט קריגין

מיא וועט אים ניט ארוים טרייבין, מיט ווערטער דיא פליגט
צוא דעם יונג, וועל איך אנאנדער מיטיל קריגין

## ענדע ערשטע סצענע

---

# צווייטע סצענע

(אין פיר וואכין ארום)

(דיא טעג ביא דותן, עטליכע בוימער ביא דער
זייט, אפאר שטיבלאך איז צוא זעהען פון דער
ווייט, לעבין דיא בוימער הינטין איז צוא זעהען
עטליכע פאסטוכער, דיא בהמות פיטערין זיך אפין
לאנקע פון פארינט איז צוא זעהען אגרוב, לעבין
גרוב גייט ארום יוסף אפין פלייצע אהירטינטאש,
ער קוקט זיך ארום אזוי וויא ער זוכט וואס,
פון דער אנדערער זייט קומט אן אמענש) .

### דער מענש

נועמען זוכסטו? יונגער מאן!

### יוסף

מיינע ברידער, ווייסט איר ניט, וואו זייא זיינען פארא ?

### דער מענש

וועער זיינען זייא?

### יוסף

יעקב העבריס קינדער

אם



### דער מענש

אט דא ניט לאנג זיינען זייא דא געוועזן
אויף דיא וועג פון שכם, האב איך זייא געזעהען
איך האב געהערט, וויא זייא ריידין
אז זייא ציהען קיין דותן, דיא שאף ווייידין

(דער מענש גייט אוועק, יוסף קוקט זיך ארום.
ער דער זעט דיא ברידער פון ווייטין) .

### יוסף

מיינע אברים ציטערין, מיט שרעק מיט בעש
איך פירכטע מיך פאר זייער כעס
איך מוז אבער פאלגין, מיין טאטין דעם אלטין
זיין שליחות איז מיר היילינג, איך מוז עס האלטין
מיך וועט שטיצין, דיא מצוה דער זכות
דער פאטער שיקט דאך מיר, ברייגגען אגירוס
וואס מועען דיא ברידער, וואס מאכין דיא שאף
דאס וועט מיך שטיצין פון זייער שטראף

(יוסף גייט ווייטער, נאהענט צוא דיא ברידער)

### לוי

אט גייט דער בעל חלום, איך זע אים שוין קלאר

### שמעון

ער הערשט אין חלום, אבער ניט אפין וואר

לאמיר

זבולון

לאמיר רייצין דיא הינט, אים נאך צוא יאגין

שמעון

גיין ! איך וועל אים ליבערשט מיט מיין האנד דער שלאגין

(יוסף גינעהענט צוא זייא)

יוסף

אונזער פאטער שיקט מיך איך ווערין גיוואר
דאס פריד פון אייך מיט דיא שאף, צוא וויסען קלאר

(שמעון האפט אים ביין האלז)

שמעון

דוא האסט דאס רכילות פארין פאטער גיטראגין
גלייך ווערסטו דא, טויט גישלאגין !!

(ראובן שטייט ניך אויף, האפט שמעונס האנד)

ראובן

ברידער ! ברידער ! פאר גיסט ניט קיין בלוט
זעט זיך ארום, איידער איר טוט !
אט איז א גרוב, ווארפט אים ליבערשט אריין
נאר אין אונזערע הענד, זאל קיין בלוט ניט זיין !

(לוי יהודה זבולון, טראגין אים צום גרוב,
ציען אים אפ די העמדיל, ווארפין אים מיט האסט
אריין, עס הערט זיך א גישריי "אוי" אונ עס בלייבט
שטיל, דיא ברידר אלע גייען אוועק אף זייער ארט)

אה



יוסף פון גרוב

אה, וויא גרוים איז דער כעס פון מיינע ברידער
איך האב גימיינט עס צוא שיטין זיך מיינע גלידער
אה וויא שווער דער דאמפ איז דא, ניט צוא דער האלטין
ענגדעשין, שלאנגען, פול אין דיא שפאלטין
איך באשווער אייך שלאנגען, מיט דעם נאמען פון גאט
וועלכער הימיל אונ ערד, באשאפין האט
איר זאלט אייער גיפט, אין זיך האלטין
איך בין אאייניקיל, פון אברהמען דעם אלטין
ער איז גיוועז, דער ערשטער אויף דער וועלט
וואס האט די ריינע אמונה, פאר אלע ערקלערט
יצחק דער גרוישער, ער איז מיין זיידע
וועלכער איז פריילאך גיגאנגען, צו דער עקידה
וויא א ריינער קרבן, וויא אאפפער ריח
האט ער אוים גישטרעקט זיין האלז, אויפין מזבח
איך בין דער זון פון יעקב. דיא היילינע נשמה
וואס האט מנצח גיוועז, אמאך אין דער מלחמה
איך באשווער אייך אין דעם נאמען, פון מיינע היילינע אבות
איך באשווער אייך מיט דעם נאמען, פון הגואל ממות
וואס באשאפט, די זון, די שטערין, די ערד, דעם ים
איר זאלט מיר ניט טייטין, מיט אייער גיפטיגין סם

(דיא ניין ברידער קלייבין צוא זאמען שטיינער,
אונ זעצין זיך עסין, ראובן שטייט ווייט פון זייא,
ער פאר שפרייט דיא הענד צום הימיל)

ראובן

איינציגער הערשער, איבער אלע דיינע וועלטין

דוא

דוא בויסט מיט חכמה, דיינע הימלישע גיצעלטין
האסט מיט רחמנות, דיא נאטור גישמעלט
מיט חסד מיט רחמים, פירסטו דיין וועלט
דיין חסד, ווערט גיזעהען אומעטום
פון דעם טעגען בוים, ביז דיא בלום
פון דעם מילב, ביז דעם העלפאנד
איז אומעטום, דיין רחמנות באקאנט
שיק אריין דיין רחמנות, צוא מיינע ברידער
אום צוא קערין יוספ'ן, צום פאטער ווידער
מיר זאלין ניצול ווערין, פון עונש פון גזר
אונ אונזער פאטער, פון גרוי'שין צער

(וויא דיא ניין ברידער עסין, לייגט יהודה זיין ברויט
אנידער, דען אים גייט קיין עסין איין)

### יהודה

מיין הארץ קלאפט מיר, עס טרייסילט אצאן אן אצאן
מיר יעקב'ס קינדער, זאלין אזוי אאום רעכט טאן

### שמעון

איצט ווילסטו ניט, וואס דוא האסט פריער גיוועלט
אוויילע ווארפט דיר אין היץ, אוויילע אין קעלט

### יהודה

וייל דוא האסט, אשטיינערנע הארץ
פילסטו קיין פרייד, שפירסט ניט קיין שמארץ
אבער פליישענע הערצער, ווערין גיביטין
וייל דער צער דער רחמנות, ערוועקט אים דיא זיטין

אבער



### גד

אבער לאזין אים צום פאטער, קען עס אויך ניט גילטין
וויא נח כנענען, אזוי וועט ער אונז פאר שילטין

(אראבער פארען אן מיט קעמלען,
דיא ברידער קוקין זיך אום)

### לוי

אט גייען אראבער מיט סחורה
פיליכט גייען זיא צום גרוב, האב איך מורא

### יהודה

איך וועל אים צוא דיא אראבער, פאר שקלאווירין
אז זיא זאלין עס גאר ניט שפירין

(יהודה גייט צו די אראבער, די ברידער גייען אים נאך)

### יהודה

אגוטער מארגין מיינע הערין!

### דיא אראבער

גוט מארגין, גוט יאר!

### יהודה

וואו הין פארט איר עס, אזוי גילאדין שווער?

### דיא אראבער

קיין מצרים ליבסטער הער

פיליכט

### יהודה

פיליכט וועט איר ביי אונז, אסחורה קויפין
וואס האט קיין גלייכין, אין איר אופן

### טלמון פון דיא אראבער

וואס איז פאר אסחורה? פיל בעטרעפט:
ניינט, פיליכט וועלין מיר מאכין גישעפט

### יהודה

מיר האבין צו פאר קויפין, אקנעכט אגוטין
אבער אאויסנאם, ניט קיין פשוטין
איר באקומט ניט זיין גלייכין, אין דער וועלט
אונ איר קענט אים האנדלען אין גלייכין געלט

### טלמון דער סוחר

וויא באלד איר רימט אים, מיט אזוי אאופן
צוא וואס לוינט אייך, אים צוא פאר קויפין

### יהודה

דער קנעכט האט ניט לאנג, באקומען אחסרון
ניט לאנג, איז דאס אים גיווארין
נאר דער פעלער איז פאר אונז, ניט פאר אייך
אזוי איז ער, מיט אלע מענשין גלייך
דער יונגער קנעכט, פון זיין גיבארין
איז ער גלייך מיט אונז, ערצוינין גיווארין
ביז ער האט זיך איין גירעט דעם גישלידער
רופט אונזער פאטער "טאטע", אונז "ברידער"





שאפין מיר דיך, מיט אים אשליחות
נעמט ער זיך רעכענען, מיט אונז יחוס
הייסין מיר אים טאן, אמלאכה
זאגט ער: מיר זיינען פון איין משפחה
שלאגין מיר אים, מאכט ער אגירודער
ברידער שלאגין אאיינענעם ברודער
מיר האבין אין גלעד גיפרעגט אסגולה
האט מען אונז גיהייסין, טאן אתחבולה
מיא זאל אים דער שרעקין, אונגיריכט
ביז עס זאל זיך בייטין, דאס בלוט אין גיזיכט
אדער פון צהויכין בארג, אים ווארפין אראפ
דאן וועט אים ארוים, דער שום פון קאפ
מיר האבין דאס שוין אויך גיטאן
אונ דער יונג בלייבט, ביא זיין שגעון
מיר האבין אים היינט, גינומען פון שטוב
אונ פלוצלונג אריין גיווארפין, אט דא אין גרוב
נאר אום זאנסט אונזער מיה, אונזער לייד
ער שרייט פון גרוב אויף דיא זעלביגע רייד
אויב אייך בעסטער פריינד, דער קנעכט גיפעלין
קענט איר אים האנדלען, אין גלייכין געלט

### טלמון דער סוחר

ברייננט אים אהער, מיר וועלין אים זעהען
וועט ער אונז גיפעלין, קען דאס גישעהן

### יהודה צוא דיא ברידער

יכער ברידער! ניט אייך אקער

געמט אים ארויס , ברייננט אים אהער

(דיא אראבער בלייבין דא שטיין מיט
די ברידער , שמעון לוי לויפין צום גרוב)

### שמעון מיט לוי

האלט זיך אן פאר דיא שטריק !
מען וועט דיר ארויס ציען צוריק!

### יוסף פון גרוב

איר האט אייך פארט , און מיר דער מאנט
איר האט מיר דאך , פאר אברודער דער קאנט
בלוט איז קיין וואסער , דאך איין לייב איין זייל
ניט פיל לאזט איר מיר , ליגין אין הייל
אח דער דאמפ , דער גרוך , וויא שטארק , וויא שוועד
ענדעשין שלאנגען , וואו מיא גיט זיך אקער
זאגט מיר ברידער , מיין חטא איצונד
וועל איך עס שוין מער , ניט טאן דיא זינד
איך שווער אייך פאר עדות , דיא ערד דיא זון
אז דער פאטער , וועט ניט וויסין , אהאר דער פון

(דיא ברידער אנטוואָרטין אים קיין וואָרט ,
פירין אים צוא דיא אראבער)

### טלמון דער סוחר צוא יוסף

שרעק דיך ניסט , זייא בערוהיט
אערענטליכין מאן , איז איבעראל גוט

### יוסף מיט שרעק

איר פאר קויפט מיר ! אוי נייא ! אוי ווינד !





אקנעכט ! אשקלאוו ! יעקבס אקינד ! !

(דיא אראבער לאכין)

### טלמון דער סוחר

וואָרף אוועק דיין שגעון
וואס האבין דיר דען דיא לייט גיטאן ?

### יוסף

וואס קען מען שוין טאן ערגער שלעכט
אז ברידער פער קויפין אברודער פאר אקנעכט ? !

(דיא ברידער לאכין)

### יוסף

אף דעם אלטין טאטין , האט רחמנות ברידער !
קערט מיך אום , צום טאטין ווידער

### שמעון

טריקינסט דאך אום זאגסט דיין נוסען
דוא קענסט שוין מער צו אונז ניט קומע
פאק איין אין רייזע טאש דיינע עלילות
דיינע האפערדיגע חלומות , מיט דיינע רכילות
אונ נעם דאס אלעס , קיין מצרים מיט
פילייכט דארטין , וועלין זייא דיר טראגין פראפיט

### יוסף מיט שרעק

אין מצרים ? ! דארט איז דאך בייא זייא דער רעכט

אז איבינ פאר בּלייבּט, אין מצרים אקגעכט
נוען ער קען האין וערין, ביז קעניג גרויס
קומט ער שוין אויך, פון דארט ניט ארויס
וייא צוא מיר! ........

## שמעון

שטיל!! זאג איך, רייד נאך ניט אוואַרט!!
בעקומסט גלייך דעם טויט אף אנאָרט!!

## טלמון דער סוחר

דאס קימערט אונז ניט, מיר לאכין פון דעם
זאגט אונז נאר, וואס ווילט איר פאר עם?

## יהודה

דער מקח איז דרייסינ טאלער שטיק
נעמט אייך דעם יונג, אונ פארט מיט גליק

## יוסף

איינציגער נאט! קוק אראפ אף דיין וועלט
ברידער פער קויפין אברודער פאר געלט!

## טלמון דער סוחר צו די ברידער

דער מקח איז פאר אקנעכט אן חסרונות
ער אבער האט דאך אין זיך שגעונות
צוואנציג טאלער, נעמט אויב איר ווילט
גירעט, פאר פאלין, גיוואונען, פאר שפילט





## יהודה

לאז זיין מיט גליק, האנדילט אמציאה
נעמט אייך דעם יונג, פארט אייער נסיעה

## יוסף

צוא צוויי טאלער אף אחלק, ברידער דאס איז גוט? '
פאר צוויי טאלער, פאר גיסט איר אייער פאטערס בלוט?!

(דיא ברידער לאכין נאך מער, דער סוחר
ציילט אפ יהודה׳ן דיא צוואנציג טאלער, זיי
גייען צוריק אף זייער ארט),

## יוסף צו די סוחרים

ליבסטע פריינד! פירט מיך צוא מיין טאטין
איר וועט פיל פאר דינען, אן דעם משא ומתן

## טלמון דער סוחר מיט צארן

שטיל דוא שוטה, דיין שגעון וואַרף אוועק!
וועסטריידין נאך אמאל, בעקומסטו שלעק!

(יוסף בלייבט שטיל, די אראבער פארין אפ, יוסף
פירט דיא קעמלאך, ביז מען זעט זיי שוין ניט אויף
דער סצענע, איינינע מינוטין פויזע, ראובן
קומט אן לויפט צום גרוב, גיפינט יוסף׳ן ניט,
ער פאר ברעכט די הענד, אונ לויפט צו די ברידער)

### ראובן

יוסף איז דאך ניטא אין גרוב
ווייא קום איך פארט צום טאטין אין שטוב

### יהודה

שרייא ניט ברודער עס איז אלץ רעכט
מיר האבין אים פער קויפט, קיין מצרים פאר אקנעכט

### ראובן

דער טאטע האט דאך אים צוא אונז גישיקט
ער וועט דיזך זאגין, מיר האבין עס דער ווארגין דער שטיקט

### יהודה

איך זאג: מיא זאל קוילין אציקעלע אקליינע
ווייל דאס זעט אוים, וויא מענשין בלוט ריינע
כדי דער אלטער, זאל עס ניט שפירין
דער מיט זאל מען די העמדיל בשמירין
זאגין אז מיר האבין עס, אין וואלד גיפונגען
דער בייא, האט נאך בלוט, גירונגען
ביז ער וועט זיך אויף דעם בשליסין
אז חיות אין וואלד האבין אים צוריסין
אונ מיר זאלין איצט מיט אשבועה שווערין
אז קיינער טאר עס, דער פון ניט גיוואר ווערין

### ראובן

לאז זיין אזו, איך האב דאך קיין ברירה
נאר



נאר פארן טאטין האב איך מורא
ברייננט מען דיא העמדיל דעם אלטין
וועט ער גיוויס, פון כעס ניט דער האלטין —

### שמעון, לוי, יששכר, זבולון

יהודה איז אייביג אגישיקטער מאן
דאס איז זייער אגוטער פלאן
מיר וועלין דעם סוד, ניט אויס געבין
אפילו ווען עס גייט אונז אום לעבין

(זייא גיבין זיך אלע הענד, קוילין אקליין ציקעלע, טונקען איין דיא העמדיל אין בלוט, צוא רייסן איר אין עטליכע טהייל, יהודה ווייזט זיי דיא העמדיל)

### יהודה

אזוי איז גוט?

### אלע

בראוואו!!

ענדע צווייטע סצענע

---

## דריטע סצענע

(עס קומט פאר די הויז פון יעקב, יעקב גייט ארום איבערין שטוב שרעקליך פאר זארגט, אונ רעט צוא זיך אליין)
צייט

## יעקב

צייט איך בין פון פריא , פון שלאף אויף געשטאנגען
שרעקט מיר מיין הארץ , איך וויים ניט פון וואנגען
הענד אונ פים טרייסלען מיר , מיינע אברים ציטערין
איך פירכטע מיך פאר מיין חלום דעם ביטערין
עס טרוימט מיר דיא נאכט אז חיות אלערלייא
לייבין , שלאנגען , אאייזיל אויך אונטער זייא
יאגין אלע נאך , אאקס איוגגין
ביז זיי האבין אים , פעסט בצוואונגען
ער שרייט מיט קולות , בעט זיך ביי זייא
דיא אכזרים קימערט ניט , זיין געשרייא
צוא רייסין גלידער וויים , ווער אהאנד ווער אזייט
גלייך זייא וואלטין ניט הערין , וואס דער עלינדער שרייט
ביז ער איז געבליבין אן קראפט אן מאכט
זייא אבער פרייען זיך , מיט זייער יאכט
איך האפ מיין פייל אונ בויגין , לויפין נאך זייא
דאן האב איך מיך אויף גיוואכט , פון מיין געשרייא
עס האט מיר געברענט , מיין כעס מיין צארין
אונ בין באלד צוריק , אנטשלאפין געווארין
דאן איז מיר פאר געקומען אנאנדער חלום
אז מיין נייב רחל עליה השלום
שטייט נעבין מיר , אין תכריכים געקלייט
די אויגין פער וויינט , די הענד פער שפרייט
אונ שרייט יעקב ! יעקב ! שטייא אויף פון דיין שלאף
סוות צוא רייסין אונזער עלינדין שאף





טרערין מיט בלוט , פון אירע אויגין גיסין
אונ האט אויף זיך , דיא תכריכים צוריסין
דעם גאנצין טאג , מיין הארץ מיר שרעקט
די טרערין האבין מיר שוין , דעם פנים פער פלעקט
איך קלאג , איך וויין , איך וויים ניט וואס
גאט פון הימיל ! נאך איז ניט פול מיין מאס ?!
מיט דיא צרות פון עשו'ן , בין איך נאך ניט זאט
פון לבן'ן ווייניג צרות גיהאט
די צרות פון דינה'ן איז מיר קנאפ אפנים
בעקומען דורך איר אוועלט מיט שנאים
מיט וויא פיל קעניגע , האב איך דאס גימוזט שטרייטין
גיהאט דיא מלחמה , פון אלע זייטין
אוויילע רוהיג , לאז מיך גאט זיצין
איך זאל קענען דיא צייט אין טוגענד בעניצען
איינציגער גאט ! ערוועק דיין רחמנות !
בעשיץ מיינע קינדער פון אלע סכנות !

(עס קומט אריין יהודה , מיט דיא העמדיל אין האנד , נאך אים אלע ברידער , יעקב קוקט איבער מיט האסט אלע קינדער , אונ געפינט יוסף'ן ניט . ער-שרייט פירכטערליך)

## יעקב

וואו איז יוסף ? זאגט מיר געשווינד !!
וויא איז מיר !! וואו איז מיין קינד ?!!

## אלע

צייט מיר האבין פון שכם גיצויגין

וואבין מיר נאך יוספן גיט גיזעהען אין דיא אויגין
מיר גיפינגען נאר, דיא העמדיל אליין
דער קען פאטער! דאס איז יוספס, צי ניין?

(יעקב חאפט מיט האסט דיא העמדיל, בעטראכט
איר גוט, שרייט פירכטערליך)

## יעקב

מיין קינדס העמד איז דאס, אוי וויי אוי גוואלד!!
חיות האבין אים צוריסן אין וואלד!!

(יעקב פאלט אין אונמאכט צו דער ערד, די קינדער
לויפין צוא טינטערין אים, זעצין אים אנידער אף
א שטול. ער שרייט יעמערליך)

## יעקב

וואו האט איר עס גיפונגען, אוי וויי אוי ווינד!?
וואו ביזטו יוסף, יוסף מיין קינד!

## יהודה

אף די וועג פון שכם, אין וואלד אן דער זייט
דער זעהען מיר ארויטע זאך פון דער וייט
מיר גייען צוא נאהענט, מיר בטראכטין דאס גוט
דיא העמד ליגט צוא ריסין, ארום איז פול בלוט
מיר זוכין דארט ווייטער, אגליד צי אביין
אבער מיר גיפינגען נאר, אשלאד פון בלוט אליין

(יעקב צו רייסט זיינע קליידער וואס ער טראגט)





## יעקב

גאט איז גירעכט, אף אלץ וואס ער טוט
מיינע זינד פאר גיסין, די אום שולדיגע בלוט
רחל האט מיר שוין היינט, אן גיזאגט דיא בשורה
אז חיות צו רייסין דיר, דיין לייב האט קיין קבורה
וואו וואלגערט זיך יוסף, דיינע איידעלע ביינער!
איך שרייא, איך פרעג, עס ענטפערט מיר קיינער!
מיא האט גיט גילאזין, קיין פלייש קיין ביין
דיא ביינער אויך צוא גריזעט מיט דיא ציין
מיין איינציגער נחת! מיין טרייסט מיין פרייד!
וויא ווערסטו פון מיר פלוצלונג אפ גישייד!

(יעקב פאלט אראפ פון שטול, דיא קינדער לויפין צו)

## יעקב

רחל! רחל! מיין עקרת הבית
פון דיין קינדס פלייש זעטיגין זיך חיות
שטייא אויף רחל! פון דיין קבר שטייא אוף!
אפשר ווערסטו נאך גיפינען, אסמן פון דיין גוף
אום זאנסט האסטו גיקלאגט, טעג מיט יארין
אום זאנסט האסטו גיהאפט, אויף יוספס גיבארין
פער לארין דיין מיה, פער פאלין דיין יגיעה
אקורצע צייט האסטו נאר גיהאט אזכיה
צו פרייען זיך מיט אים, נחת צוא גיניסין
חיות אין וואלד האבין אים איצט צוריסין
דרום ביזטו ניך פון דער וועלט אב גיפלויגין?

זאלסט די צרות ניט זעהען, מיט דיינע נשמה אויך
איצט שפירסטו קיין צער
ווייסט פון קיין גזר
פון היינטיגין טאג
ווייסטו קיין קלאג
ביזט זאט מיט פרייד
ווייסט פון קיין לייד
פון דיא שכינה איר ליכט
שיינט דיין געזיכט
קיין טרויער, קיין יאמער, אין דיין רוהיגע דירה
מיט דיא הייליגע מלאכים, זינגסטו מיט שירה
ליבערסט וואלט מען מיך אויך צום קבר געטראגין
איידער איך דארף היינט, נאך יוספן קלאגין
מיינע זיסע חלומות, זיינען אין ים דער טרונקען
מיינע זיסע האפענונגען, האבין אין תהום פאר זונקען
מיך טרויסט אז יוסף וועט מיך אויף דער עלטער שפייזין
אבער האפענונגען, ווילן נאר דעם מענשין פאר ווייזין
דוא שפייזט מיך היינט, מיט טרערין מיט שוויים
דוא שפייזט דיא חיות, מיט דיין איידעלע פלייש

(יעקב פאר ברעכט דיא הענד אונ לאזט אראפ דיא קאפ, עס קומען אריין זיינע שניר אונ זיין טאכטער דינה, אונ בנימין אאינגיל פון ניין יאר, יעקב נעמט אים פארין האנד)

## יעקב

דוא זעסט בנימין! וואו דיין ברודער האלט?





דאס האט מען זיין העמדיל געבראכט פון וואלד
חיות צוא ריסין אים, אבער פאר אבר
וויא איז מיר, אונ אייער מוטער, אין קבר

(דינה אונ דיא אלע שניר, וויינען זייער פיל),

## דינה

פאטער! דוא האסט אונז געלערינט, אז אויף דער וועלט
זיצט דער מענש אין אגאנץ שוואכין געצעלט
וויא דיא עלענדע שיף, אין דעם ים דעם גרויסין
דיא וואלין, דיא שטראמען, פון דיא זייטין איר שטויסין
אונ ביז זיא שלאגט זיך צו, צו אברעג
איז זיא אין געפאר, דיא גאנצע וועג
שטראמען אונ ווינטין
פון פארינט, פון הינטיי
עס גייט ניט אוועק
אגאנצע אמינוט
דורך אויס אין שרעק
אין סכנות זיין בלוט
שרעק אונ פאר דרוס
איז אף יעדעי פוס
צרות אונ ניט גוט
אין יעדער מינוט
דאגה אונ זארגין
פון נאכט ביז מארגין
דעם פעלט פרנסה, דעם פעלט קינדער

דער איז אקיליקע, דער אבלינדער
דער האט שונאים, אף זיין לעבין לויערין
דער אף קינדער, זיינע אויגין טרויערין
דעם נעמט מען זיין כבוד, דער גיפינט קיין רעכט
דער איז אונגליקליך, דורך אונטריע קנעכט
דער גיט זיין פרנסה, אין עק וועלט אטרייב
דער איז אונגליקליך, דורך אאונטריע ווייב
דער זוכט רייכטהום, אונ גיפינט אביונות
דער זוכט כבוד, אונ גיפינט בזיונות
דער זוכט ממשלה, אונ גיפינט דעם טויט
דער האט פיל קינדער, אונ האט קיין ברויט
דער זוכט גליק, אונ טרעפט פער קערט
דער שרייט „אמת!" אונ ווערט ניט גיהערט
נאר וואס בעטרעפט, יעדע צרה, יעדער נויט
קעגין דעם שרעקליכין פינצטערין טויט
וויא דער נוארים קעגין לייב, דיא ליכט קעגין פלאם
וויא אטראפין וואסער, קעגין דעם גרויסין ים
דא שטארבט אפאטער, אן אטאלק אן אלאד
בלייבין ווייב אונ קינדער, אף אייביג נע ונד
דא שטארבט אבן יחיד, דער טרייסט פון שטוב
דיא מוטער לייגט זיך, מיט אים אין איין גרוב
דא לייגט מען אכלה, אין פינצטערין קבר אריין
מארגין האט דאס גיזאלט, איר חתונה זיין
דא גיפינט אקעניגס זון, אין קבר זיין מנוחה
וואס איז שוין בשטימט גיוועזן, צו ירשענען די מלוכה
דא זיינען דרייא קינדער, בייא אפאטער גישטארבין
איצט



איצט טראגט ער דעם לעצטין, פארין טויט אקרבן
ווער איז דער איינער, וואס זאגט גאט אדעה
וא העלפט קיין שוחד, דא גילט קיין מטבעה
זיין וועלט ראד לויפט, וויא ער איהם דרייט
ער פירט זיין וועלט, וויא ער פאר שטייט
דאס איז טאקע דיין לעהרע, פאטער גיטרייער
פון אמת גיבויט, וויכטיג אונ טייער
גידיינק דעם וועלט פירער, ווער עס גיבאט אונ הייסט
דיינע איינענע ווערטער, זאל דיר דינען צום טרייסט

## יעקב

יע מיין קינד! ווען איז דאס גירעט
אז דער מענש אליין, האט אין דעם קיין חטא
דער מענש מוז זיך אליין פון סכנות פער היטין
אונ בעטין גאטעס שטיצונג, זיין הילף אין מיטין
אבער דא בין איך שולדיג, גיהייסין עם איינעם גיי
אין אוועג פון סכנות, גישיקט אים אליין
זיין קינדער, איך וועל אים אייביג בדויערין
ביז צו מיין קבר, וועל איך נאך אים טרויערין

(אין דער צייט ווען יעקב רעט, קומט אריין יצחק מיט אשטעקין אין האנד דען ער איז בלינד, ווען יעקב רעט בעמערקט ער גיט אז זיין פאטער איז אריין, דער נאך דער זעהט ער אים, אונ פאלט ארויף אף יצחק'ן)

פאטער! אפין בארג מוריה, הייסט גאט דיך צו שעכטין דאר־
דאר

דאך האט מען נאר מקריב געווען אשעפס, אף דיין ארט
אבער מיין יונגען שעפס, האבין טאקע חיות צוא ויסין
צוא פליקט, צוא שלעפט, ניט גילאזין קיין ביסין
ניטא שוין דער טורעם, אף צוועלף ויילין גיבויט
אויינד האט אין גיבראכין, מיין יוסף איז טויט!!

(יצחק זעצט זיך נעבין יעקב, אף אשטול, וויינט זייער פיל, אנטווארטעט אים מיט זאנפטע, לאנגזאמע, ערינסטע ווערטער),

## יצחק

מיין לעהרע יעקב! בעטראכט מיט אויגען
וועט דאס דיר פאר אטרייסט דינגען
גאט האט בעשאפין, זיין וועלט וואס זיא גייט
מיט זיין אייגענעם רצון, ניט גיגייטער הייט
קיינער צווינגט אים, צוא בשאפין אוועלט
נאר מיט זיין ווילין, וויא אים גיפעלט
אן דיזע קליינע וועלט
האט אים אויך ניסט גיפעלט
גאט האט ניט אין זיך אחסרון
אז דורך דיא וועלט, איז אים וואס בעסער גיווארין
היינט וואס לוינט אים אוועלט? קענען מיר פרעגין
וואס נוצט אים אמענש? וואס איז אים דא גילעגין?
וואס האט ער פון אים? וואס טראגט ער אים איין?
ער איז אן אים גיוועזען, אונ וועט אן אים זיין
קענען מיר דאך דער פון, ניט אוועק גיין
אז דיא וועלט איז נאר, פון מענשינס טובה אליין
ווארום דיא גאנצע נאטור, צו ליב אים עקסערטירט





דאס איז אלץ אין זיין האנד אונ דער מענש רעגירט
אונ אויב דער טויט, זאל שוין זיין דער סוף
איז דאך דער לעבין ניט קיין טובה, נאר אשטראף? --
ערקלערט דאך אונז דער אייגענער גיפיל
אז דער מענש איז בעשאפין, צוא אגרעסערין ציל
צוא אערהאבענעם צוועק, גייען אונזערע טריט
צוא אתכלית אהויכין, וועלכין מיר פאר שטייען נאך ניט
דען כל זמן מיר זיינען, מיט דעם קערפער אין איינעם
קענען מיר ניט פאר שטיין דעם תכלית דעם ריינעם
מיר ווייסין נאר אז עס איז דא, אבער ניט וויא, ניט וואס
דען דער שכל איז גיגרענצט, מיט אגבול מיט אמאס
דרום זייא ניט מתרעם, אף דעם טויט פון דיין קינד
צוא אהעכערין תכלית, גייט ער איצונד
אונ פיליייכט לעבט ער נאך -- דאס קען נאך אויך זיין
אונ זיינע חלומות, וועכטו נאך זעהען פארין שיין
הכלל דיין צער דריקט מיר, דרום ויין איך מיט
אבער נאטעס פירונג, פאר שטייען מיר ניט --

## יעקב

דער שכל ביין מענשין, איז וויא אפידיל אין האנט
אויב אמענש איז ביי איר, שפילט זיא אקוראנט
מיין טרויער צער, האט מיר אזוי אין גיבויגין
אז דער צער האט דעם שכל אריבער גיוואויגין
היינט אז איך בין אליין, פיין פידיל ביין שכל ניטא
טוא וואסער קוראנט אונ טרייסטונג גיפין איך שוין דא
יארין לאנג וועל איך דיר יוסף בעדויערין

ביז צוא מיין קבר וועל איך נאך דיר טרויערין

(יעקב לייגט דיא קאפ אף אזייט, אלע זין אונ שניד לויפין צוא מינטערין אים, יצחק ציטערט פון שרעק אונ שרייט יעקב! יעקב! מיין קינד! בנימין קושט דיא האנד פון יעקב אונ וויינט יעמערליך)

## ענדע דריטע סצענע

---

## פירטע סצענע

(דיא וועג קיין בית לחם, פון ווייטין איז צוא זעהען איינינע שטיבלאך פון אפרת, אברייטע לאנגע מיט הויכע גראז, איינינע קעמלען ליגין אף דיא קניע אונ רוהען, דיא אראבער ליגין נעבין זייא אונ שלאפין, יוסף גייט ארום בארפוס אונ שרעקליך פאר קימערט, הענד אונ פים גישמיט אין קייטין, קוקט זיך ארום זא וויא ער זוכט וואס, אונ דער זעהט אבוים וועלבער אין אים איז אגרויסער שטיין אריין גיזעצט)

### יוסף

דיין מוטערס קבר, דארף דא זיין אין דעם ארט
אויב ניט ביא דעם בוים, מיר דוכט אז דארט,

(יוסף גינעהענט צום בוים אונ לייגט דיא מצבה),





# מצבת

## קבורת רחל אשת יעקב

דא ליגט רחל, איבער־אלל איז בעקאנט איר נאמע
דיא פרוי פון יעקב, דיא מוטער פון יוסף אונ בנימין
פילע יארין פער גיסט זיא טרערין
אז גאט זאל איר מיט אקינד בעשערין
אונ וועון גאט האט איר גיבעט גיהערט
האט זיא נאך איין קינד פון גאט בעגערט
אונ אז גאט גיט איר, איר צווייטין פערלאנגען
איז זיא דא אויף דעם וועג, צוא קינד גיגאנגען
דיא ווייטאגין האבין איר זייער גיקוועלט
דאן זעגינט זיא זיך, מיט איר וועלט
איך יעקב פאר גים טרערין טייכין
אויף איר וועלכע לאזט ניט איבער איר גלייכין
אויך קיין טרער, מיר אייבינג פעלט
ביז איך וועל איר זעהען אויף דיא אמתע וועלט

(יוסף שפארט זיך צום שטיין)

### יוסף

אונטער דעם שטיין, מוטער! דיינע ביינער ליגין
וויינינג גיניסין מיר פון דיר פערגעניגין
וויינינג זעטיגין מיר זיך, מיט דיין גישטאלט
אין דיינע יונגע יארין, ביזטו שאן גיווארין אלט
וויינינג האסטו פון דיין וועלט נחת גיהאט
מיר האבין דיין פנים נאך ניט אן גיקוקט זאט

מיט דיין בלוט פון הארצין, האסטו מיר גיזויגט
אויף דיינע הענד, האסטו מיר גיוואויגין
אונ ביא דיא לעצטע מינוטין פון דיין לעבין
האסטו מיין השגחה, צום טאטין איבער גיגעבין
ער זאל פון מיר זיין השגחה ניט אראפ נעמען
מיר זאלין דיר אין קבר ניט פער שעמען
מיין פאטער האט מקיים גיוועזן דיין צוואה
ער האט אונז גיזעטיגט, פון דיין השפעה
פון זיין זיידין אברהם, דיא רעכטע וועג
לערינט ער מיט מיר, געכט מיט טעג
אלע מדות טובות, אין מיר צוא פער פלאנצין
דעם זיידינס ספר, גיט ער מיר איבער אין גאנצין
אין אזיידענע העמדיל, טוט ער מיר פירין
צום בעוויז אז נאך זיין טויט, זאל איך רעגירין
רחלס קינדער, זיינען אים ליבער
דיינע, שטייגין דיין שוועסטערס, אריבער
שטייא אויף טרייע מוטער, גיב אקוק אויף דיין קינד!
ער איז שוין אקנעכט, אונ פירט קעמלאך איצונד
צוא קיילט, צוא ביילט, יעדערער אפליק ארים
אין קייטין גישמיט, הענד אונ פים
מי האט אים צוא גינומען, פון זיין טאטינס גיצעלט
מי האט אים פאר סחרת, פער האנדעלט פער געלט
מוטער טרייע! נעם מיך צוא דיר אין קבר אריין
צוא וואס האסטו גידארפט, מרעיש עולמות זיין?
צוא וואס האסטו גידארפט, וויינען קלאגין?
צוא וואס האסטו קנאה, אף דיין שוועסטער גיטראגין

אן



אז גאט זאל דיר בענטשין מיט אזון אף יער וועלט
אף אקנעכט צוא זיין? צוא ליידין היץ אונ קעלט?
צוא זאט זיין מיט שלעק? אף קעמלאך צוא טרייבין?
אף אייביג אין מצרים, אקנעכט צוא פער בלייבין?
גייא ארוף אין הימיל, פאדער מיין רעכט
ברידער פער קויפין, אברודער פאר אקנעכט!
דיא אויערין איז זייא פאר שטאפט גיווארין
מיינע הייסע טרערין, שטילט זייא ניט דעם צארין
דאס איז גאטעס רצון, ער טוט עס פער לאנגען?
זיא ווארפט מיר אין אגרוב, פיל ענגדעשין אונ שלאנגען?
מיינע ביינער זיינען שיר, גיווארין צוא שאטין
וויא אטאפ אפין פייער, האט זייער כעס גיזאטין
מיא רופט מיך שוין ניט בן פורת, נאר אנדערע נעמען
מיא פירט מיך פערקויפין, איך וויים ניט צוא וועמען
ווער וועט מיין מילך טרינקען, מיין וואל שערין
ווא וועלין מיינע ביינער, פער וואגילט ווערין
אפין שקלאפין מארק, דארט וועל איך אצייט ליגין
ביז זייא וועלין אף מיר אסוחר קריגין
איז דען יעקבס קינד, דער צוא בעשאפין
צוא ליגין נאקעטערהייד מיט אלע שקלאפין
מיט אלע מורינען, נעגער, יעדערער אכבצעט
געבין זייא, אף אפאר שטרוי, ליגט יוסף אונ קרעכצעט
דיא אויגין פער גלאצט צום הימיל, דיא מויל קיים ערד
מיא נועט אים טאפין זיינע גלידער, וויא אאקס ווי אפערד
אונ דער נאך וועט מען אים מקריב זיין אפין מזבח
גאט וויים, צוא וואס פאר אנזלן, ארוצח

אנשטאט

אנשטאט אקסין, וועט ער דינגען, אנשטאט פערד וועט ער ליידין
וען ניט, וועט מען זיין לייב אויף שטיקער נייס שניידין
אין פעלד וועט מען מיט אים, אקערין, בראנגען
דארטין וועט יוסף, זיין טאטין דער מאגען
דוא האסט שטענדיג גיציילט, מיינע ווערטער דיא קלוגע
איצט בין איך שוין פער רעכינט פער משוגע
פיל איך שווייג, איז נאך רק צוא קנאפ
פער יעדער ווארט, בעקום איך אקלאפ
קארוועס, נאקעט, פערראכטעט פער האסט
ביא אכזרים אין דיא הענד, גישפאנט אין לאסט
אט דיא איצטיגע ווילע, בין איך אויך אין שרעק
כאלד טרייבט מען מיך, פון דאנען אוועק
פער וואגילט, פער ווארפין, פון מיין היים פער טריבין
ביא וואס איז היינט, מיין פאטער גיבליבין
ווער איז זיין נחמה צוא זיינע אלטע יארין
אז זיין בן פורת, איז אים פער לארין
ענטפער מיר מוטער! פון הימיל הויך
בין איך דען שוין איתום, פון טאטין אויך?
דען ער האט דאך קיין כח, צוא דער האלטין דיא ליידין
בעוויין איך שוין אפנים, איצטער אייך ביידין?
וואס טוסטו מיין פאטער! וואס טוסטו איצונד?
ציא דוא קלאגסט איצט אף יוסעפן, אף דיין ליבסטע קינד?
אדער דוא האסט שוין אב גיגעבין גאט דיין נשמה?
אונ איצטער אין הימיל, פאדערסטו נקמה?
פער דעם הימיל גירעכט, טוסטו איצט שרייען?
מאנסט אויף דיין קינדם בלוט, וויא הבל פון קין?




זיין טרייע עלטערין! טוא דאס ניט איצונד
זייא וועלין אליין בעקענען, זייער גרויסע זינד,
מיינע אלע חלומות, זיינען אין תהום אריין
זייא האבין מיר פער זיכערט, אהערשער צו זיין
צוא מיר וועלין זיך בוקין, דיא שטערין פון דיא הימלען
איך האב איצט ממשלה, אבער איבער קעמלען
איך האלט איצט אביין, אבער איך בין קיין הער
דער ביין איז פער דיא קעמלען, פער מיר נאך מער
מוטער! דרום האסטו דיין שוועסטער גיוועזען מקנא
וען גאט האט איר מיט קינדער גיוועזען מהנה
וייל דוא האסט גיוואוסט בנבואה דעם אופן
אז אירע קינדער וועלין דיין קינד פער קויפין?
זיין טרייע מוטער! איך האב שוין קיין קראפט
איך בלייב דא ליגין, ביי דיין קבר פער שלאפט
דאס הארץ ווערט מיר שוואך, דאס בלוט ווערט אנטשטאנגען
איינצגער גאט! נעם מיך שוין ניט צוא פון דאנען
איך שפיר שוין קיין לעבין, קיין גליד, קיין אבר
את וויא זיס איז צוא שטארבין, נעבין דיין קבר
גישמאק איז דער טויט, ווען ער קומט אין נויט
נעבין דיר מוטער, בלייב איך טויט..........

(יוסף פאלט אין אונמאכט אפין קבר טויט, שטיל ווערט אויף דער סצענע, אין איינינע מינוטין ארום וואכט ער זיך זייער לאנגזאם אויף, עפינט די אויגין, קוקט זיך ארום, האלט זיך אן פאר דעם בוים, ביז ער שטעלט זיך אויף די פיס, אשרעקליכער זיפץ מיט אשוידערליכן קרעכץ גייט אים פון זיין הארץ ארויס,

רעט דיזע ווערטער מיט אנאנץ שוואכע שטימע

„פירכטערליך איז דיין שטראף, גאט פון נקמה!
„אבער נאך זיסער איז, דער נאך דיין נחמה,
„שטראפסט מיט צארין, וועלטין ציטערין פאר דיין רוט
„אבער דער נאך דיין טרייסט, וויא זיס וויא גוט
„דיין רוט דיין כעס, מוז מען טראגין מיט גידולד
„דען דוא האסט חלילה, אין שלעכטעס קיין שולד
„ווען דוא ווייזט דיין ליב פנים, דיין פריינדליכע מינע
„פערגעסט מען שוין נקמה, קנאה אונ שנאה
„וואול דעם מענשין, וועלכער צוא דיר האפט
„זא אויך דאמאלס, ווען ער ווערט געשטראפט
„דאס גיט אים קרעפטין, צוא דער האלטין דיא לייד
„ווען ער טרינקט זיך אין צרות, איז ער פול מיט פרייד
„איך האב גיהערט אטרייסט, איצטער אין שלאף
„מיין מוטער שרייט צוא מיר, האף יוסף! האף!
„גיט דאס איז דיין ענדע, גיט דאס איז דיין סוף
„פער לייד מיט גידולד, זיין רוט, זיין שטראף
„דיינע האפענונגען אלע, וועסטו נאך זעהען קלאר
„דיינע טרוימען אלע, וועסטו נאך זעהען אפין וואר
„כמעט אקעניגליכין צעפטער, וועסטו האלטין אין האנד
„וועסט יארין לאנג הערשין, אויף אגאנצע לאנד
„בייא דיינע ברידער, וועסטו זיין דער גביר
„דיין אלטער מאטע, וועט אויך קומען צוא דיר
„מיא פירט פאר אוים, דיא קאלב אליין
„דאן וועט שוין דיא מוטער ממילא נאך גיין
„גאטעס פירונג איז פון מענשין פער שטעלט

גייסט



„גייסט קיין מצרים, אבער צוא שפייזין אוועלט
„שפעטער וועט דיר פרייען, דיין איצטיגער בראך
„נאר טראג מיט גידולד, זיין לאסט זיין יאך.
אט דיא טייערע ווערטער האב איך איצטער גיהערט
ווען איך בין גילעגין, אין אונגמאכט אף דער ערד
וויא דער רייגער בוימיל, אויף אקראנקע הארץ
איז מיר דיא ווערטער, צוא מיין פיין אונ שמארץ
איינס קענין דאס אנדערע, האסטו גאט גיגעבין
ווען ניט דער טויט, וויא שפירט מען דעם לעבין
ווען ניט דער אסטראג, וויא שפירט מען חירות
ווען ניט דער דלות, וויא שפירט מען עשירות
ווען ניט העסליך, וויא שפירט מען פיין
ווען ניט פינצטער, וויא שפירט מען דיא שיין
ווען ניט שקלאווערייא, וויא שפירט מען פרייא
ווען ניט פאלש, וויא שפירט מען טרייא
ווען ניט נאכט, וויא שפירט מען דאס ליכט
איינס קענין דיא צווייטע, וועגט דאס גיוויכט
די זאנפטע ווערטער, וועלין מיך בגלייטין
אין אלע ניפארין, אין אלע נויטין
דיינע רייד גיט קרעפטין, אין אלע גלידער
איך פער געס שוין נקמה, שנאה אף ברידער
דיין טרייסט היילט, וויא בוימיל וויא פוטער
אונ פריד צוא דיין נשמה, מיין היילינע מוטער......

(אונטער דער צייט וואס יוסף האט דא גירעט,
וואכין זיך אויף דיא אראבער אונ גיפינען יוספן
ניט, איינער דער זעהט אים פון ווייטין, ער לויפט

מיט

מיט אשטעקין צוא יוסף, אונ טרעפט אים ביא זיינע לעצטע ווערטער "מיין הייליגע מוטער" ער האפט יוסף'ן ביין קארק אונ שלאגט אים אונ-ערבארעמליך, יוסף שרייט, דער אראבער שלעפט אים צוא דיא קומפניא)

### דער אראבער

דיא לייט פון כנען, האבין אונז זייער בעטראגין
אז דיזער יונג האט נאר איין פעלער גיקראגין!
ער האט דאך אין קאפ אגאנצען שום
זעהט נאר, וויא דיזער יונג איז דום
שטייט ביא אבוים, אן גישפארט אן אשטיין
אונ שרייט מוטער מוטער, מיט גרויס גיוויין

### אלע

נוארט ברודער, מיר זיינען נאך ניט פטור
מארגין וועט ער נאך שרייען צוא אהאלין פאטער
(אלע לאבין זיך פאנאנדער, דער פארהאנג פאלט)

## ענדע ערשטער אקט

---

# צווייטער אקט

(אין איאר ארום)

## פינפטע סצענע

דער גארטין פון פוטיפר אין מצרים

(צוגארטין מיט גיפלאנצטע בוימער, יוסף בעגיסט
דיא



דיא ביימין מיט וואסער, גייט גיקליידעט איינע שווארצע טוכענע שובע אויף זיין בלאע העמד, זיין מיץ ארום גיוויקילט מיט ארויטין שייל, אסנת זיצט ביא אבוים, אונ פלעכט אקרענציל בלומען, אפריילין אלט בערך איאר 15, אקורצע זיידענע רויטע קלייד פר דעקט איר לייב, אין אירע צעפ זיינן קליינע גאלדענע גלעקלאך איין גיפלאכטן, אויף אירע אויערין היינגין גרויסע רינגען, אשווארצער טול פער דעקט איר גיזיכט, פון דיא לעדערנע פאדעסוועס ציט זיך שווארצע בענדלאך וועלכע וויקילט ארום אירע פיס ביז דיא קניע, אויף איר האלז היינגט אקליינע דרייא קאנטיגע בלעכיל, קענטיג אז עס ליגט וואס איגעוויינ).

### אסנת

גענטין זיינען געסט ביא אונז גיוועזן
איר גיפעלט זיא מיט דעם ערשטין מאל זעהען
וואו איר גיט אייך אקער, אבוינ
לאזין זיא פון אייך ניסט אראפ דיא אוינ
צייט מצרים שטייט, צייט זיא לעבין
שווערין זיא, האט נאך אזוי אקגעכט ניט גינעבין
זעלבסט אונטער פירשטין אונ גראפין
האט נאך אויך אזוי אשוינהייט ניט גיטראפין
דער פאטער האט אייך פאר זיא גילויבט
אז איר זייט ביא אים, אזו פיל בעגלויבט
אז דיא גאנצעווירטשאפט, גיט ער אייך איבער

פון מיר זיין קינד, זייט איר אים ליבער
איר זייט קלוג, גישיקט, ארבייטזאם אונ טרייא
דאצו אבעל נאמנות, ערליך דער בייא
דען וואו טרעפט עם בייא שקלאווין אדער שקלאווינען
זייא זאלין זיין ערליך, אונ טרייא דינען
אונ צייט גאט האט אייך צוא אונז גישיקט
איז אונזער הויז, גיוואורין בעגליקט
דיא הצלחה גייט אייך מיט איבעראלל
אין פעלד, אין הויז, אין קאפיטאל
דיא נעסט האבין מיט אלער היילקייט גישוואורין
דאס איר מוזט ניט זיין אקנעכט פון גיבארין
איך וואלט מיך שעצין גליקליך ווען איר וואלט מיר זאגין
וואסער ווינד עס האט אייך אהער פאר טראגין

(יוסף לייגט אוועק דעם קרוג, נעמט אקליינע רידיל צוא פער גלייכין דיא ערד)

### יוסף

איך האב ביז יעצט פער הוילין
מיין גישיכטע צוא דער ציילין
איך האב שוין, יאר בייא אייך פער בראכט
אונ מיין גישיכטע פער קיינעם ניט גידאכט
יוער מיינע עלטערין זיינען, וועד איך אליין
דורך וואסער אורזאך, איך קום אהער צוא גיין
דען וואס מאכט עם דעם ווירט אוים
פון וואס פאר אפאמיליע, זיין קנעכט קומט ארוים
ער איז ווייניגער גיאכט, פון דיא אראבעשע פערד





בייא זייא האט דאך יחוס אנוועקט
יעדער פערד האט זיין יחוס בריף, זיין פעטשאט
וואס פאר אטאטין, וואס פאר אמאמען ער האט גיהאט
אונ אקנעכט אין מצרים, איז אייביג פאר שאלטין
זיין יחוס האט קיין מאל, אין מצרים ניט גיגאלטין
ווייא איז צוא מיר, ווייא איז צוא מיינע יארין
אז מיין יחוס קומט מיר אפין זכרון
אז איך דער מאן מיך מיין טאטין מיין מאמען
מיין זיידין אויך מיין עלטער זיידין צוא זאמען
איך רוה ניט בייא טאג איך שלאף ניט בייא נאכט
אז איך נעם מיר מיין יחוס אין אכט
מיין אלטער טאטע, אז עס קומט מיר אפין זינען
מיין יונגע מאמע וועלכע מיר האט גיוואונען . . . . .

(אסנת נעמט ארוים איר שנופ טוך אונ ווישט די אויגין, יוסף שפארט זיך אן אף אבוים אונ ווייגט יעמערליך)

### אסנת

אשאדין חלעבין אייער שיינע גיזיכט
זאל ווערין אין טרערין איין גיריכט

### יוסף

אשאדין חלעבין אף רחלס טרערין
פון איר קינד, וואס קען היינט ווערין
אשאדין חלעבין, אף יעקבס קינד
וואס זיינע זיפצין, פאר טראגט דער ווינד
מיינע טרערין זעהען, דיא בוימער, דיא ביימין

דער ווינד העלפט מיר, מיט אקרעכן בעגלייטיז
אייערע בלומען, וועלכע איר פלעכט
אין פייכטין גארטין, איז זייא ניט שלעכט
עס בליען דיא קנאספין, אין אלע קאלירין
דעם גאנצין גארטין, אוים צוא צירין
רייסט מען זייא אוים, וואס ווערט פון זייא ?
וועלקין, דארין, וויא טרוקענע שטרוי
אזוי ליג איך דא, פער וועלקטערהייד
צייט איך בין פון דער היים גישייד

### אסנת

איך גלויב דאס אייך איז בייא אונז נאר ניט שלעכט
וואס אייך מאנגילט אזוי, דער נאמען קגעכט

### יוסף

מיין גאט לאזט מיר דאך ניט זיין פאר לארין
גיוויס איז מיר בעסער וויא פאר איארין
בשעת דיא אראבער האבין מיר אהער גיבראכט
דא בין איך שוין פער פאלין, האב איך בייא זיך גיטראכט
בשעת מיא האט מיר צום פער קויפין גיהאלטין
אפין שקלאווין מארק, וועלכער איז פול מיט גוואלטין
ביז צווייא טויזינד שקלאפין, זיינען מיר אף דער ערד גילעגין
גישמיט אין קייטין, צרום חיל מיט דעגין
הוילע נאקעטע, וויא מיא פער קויפט פערד
אף עטליכע שטרוי, גיוועלגערט זיך אף דער ערד
דא ליגט אפרוי גיבונדין, פיר וואכין אקינפעטוארין
זיא ווייס ניט אפילו, וואס מיט איר קינד איז גיווארין





מיא האט איר גינאנבעט, פון איר הויז בייא נאכט
אונ אהער אין מצרים, פאר אשקלאווין גיבראכט
זיא קרעכצעט אונ שרייט, מיט אירע כוחות דיא שוואכע
נאר דיא צווייא ווערטער: גאט!! ראכע!!
דא שרייט אגיבונדענע מידיל, צוא גאט פון אויבין
מיא זאל חלילה, איר ערענטליכקייט ניט בערויבין
אין יענעם ווינקיל מארק, איז ווידער צוא זעהען
ליגט אגרייז אלטער, גיפאנגען אין פלען
אונ שרייט מיט קולות, אוי איך בין פאר בייא
מי וויל מיך הארגענען, ווייל איך טויג ניט צו שקלאווערייא —
דארט פירט מען אקינד, נאך אפירכטערליכע דאמע
דאס קינד שרייט מיט קולות וואו איז מיין מאמע!! -
אונ וואס זאגט יוסף? מן הסתם ביזט גאט גירעכט
רחלס ציטעריגע קינד, איז אין מצרים אקנעכט
אונ ווען קיטערט עס דער גאנצער גישרייא!
סוחרים בעקוקין דיא שקלאווין, וויא פערד בעקוקט מען זייא
פון פארינט פון הינטין
פון אויבין פון אונטין
דיא פלייצע דעם גוף
פון אונטין ביז ארוף
דער טאפט אים דיא זייטין
דער בעטראכט אים פון ווייטין
דער קנייצט אים דיא פים, דער קוועצט אים דעם קארק
דער פרובט אים, אונ הייסט אים, לויפין אפין מארק
נאר מיט גאטעס הילפע, ווער איך פון זייא לויז
אונ אייער פאטער ברייגגט מיך צוא זיך אין הויז

אונ דא וואס פון טאג , ווער איך ליבער
ביז דיא גאנצע ווירטשאפט , גיט ער מיר איבער
פער שאפט זיך מיט אלעס , איך בין זיין האנט
אין קיינזערליכן הויף , בין איך שוין אויך בעקאנט
גאר עס מאג מיר זיין , ווער ווייסט וויא גוט
בייגק איך נאך מיין טאטין , עס שטילט ניט מיין בלוט

(עס קומט אריין אין גארטין זליכה פוטיפרס פרוי ,
נאך איר עלוקה , האלט אין האנד אזאגען שירעם איבער
דיא קאפ פון זליכה , זיא שטעלט זיך קעגין יוספן)

## זליכה

וואס טוט איר איצט יוסף ?

## יוסף

איך מאך צוא רעכט דעם בייט

## זליכה

לייגט אגידער דיא רידיל , אווייל'ע שטייט !

## זליכה צוא אסנת

אסנת ! גייא מיין קינד דיא גיטארע ברייגגען
יוסף וועט אונז עטוואס שפילען אונ זינגען

(אסנת נעמט מיט עלוקען , זייא גייען אוועק ברייגגען
דיא גיטארע)

## זליכה

אח וויא שיין זייט איר יוסף , וויא אדעל וויא רייך





וויא ליב זייט איר , ווער איז צוא אייך גלייך
זע איך פון אייך , אפריינדליכע בליק
לעב איך שוין אפ , איך בין שוין ביין גליק
ווערט איר פוי־איר ווייט , אויף צוויי מינוט גר״ס
בלייב איך וויא שט״יו , איך האלט עס ניט אויס
וואס זייט איר איצט , פאר אנגסט פאר אומערט !
וועלכע זארגין האט אייך פער קימערט

## יוסף

האט איר מיר דען ווען
פריילעכער גיזעהען ?
אין מיין גיזיכט , ווען איינער קוקט אריין
מיא זעט יוסף , שמייכילט לאכט
איז גאר וויא פון אבלין דיא שיין
אין אפינצטערע דונער נאכט
גאר איך שטעל מיך פאר , אין מיין זארגין
דיא שענסטע בילדער אין פריידין שאל
וויא דער שלעפעדינגער , אין פרי מארגין
הארכט דיא שטים פון נאכטיגאל

(עס הערט זיך אשטים רופט זליכהן ,
זליכה גייט גיך ארוים פון גארטין)

## יוסף (אליין)

מיר דוכט איר האנפענגען , איר ליבין מיך , איר לאכין
נועט יך פון מיר אענדע מאכין

(ער הויבט אויף דיא אויגין צום הימיל)

דיינע ווערקע נאט וויא וואונדער וויא גרויס?
פון דעם בין מיט זיין גיפט, גיסטו, האנינג ארויס
דעם זיסין עפיל, פון דיא בלאט וועלכע איז ביטער
אונ אזוי אטייער קינד, פון אשלעכטע מוטער
פון דיא פער פלוכטע זליכה, פול מיט פאלשקייט מיט זינד
פון איר וואקסט אויס אסנת, דיא ליבעס קינד
וואס דוא האסט גיוואלט נאט! האסטו שוין גימאכט פון מיי
דיא צווייא זאכין, פער לאנג איך האין פון דיר
זייא מיך מציל פון זליכה'ן, דיא בייזע שלאנג
אונ גיב מיר איר קינד פער אפרוי, דאס איז מיין פערלאנג
איך וואלט איר גילערינט, דיין היילינין גלויבין
אונ ביידע צוא זאמען, וואלטין מיר דיר אייביג לויבין

(אסנת קומט אריין מיט דיא גיטארע אין
האנד, דער לאנגט עס יוספן)

אסנת

שפילט עטוואס יוסף!

(יוסף זיפצעט זיך אפ זייער)

אסנת

וואס מאנגילט אייך אזוי דער נאמען קנעכט
איך גלויב דאס אייך איז בייא אונז גאר ניט אזוי שלעכט
יוסף



(יוסף נעמט דיא גיטארע אין האנד שפילט אונ זינגט)

1.

ניט מיינט דאס איך בין אויסין זינגע
ניט מיינט דאס איך וויים ניט וואס איך וויל
ווען מיר זאל דער גרעסטער גליק גיפינגע
קען דאך מיין הארץ ניט בלייבין שטיל

2.

דער צווייג וואס איז פון בוים גיריסין
וואספער גליק קען אים שוין קומען
ער קען שוין קיין פריידע ניט גיניסין
יא איך ווען ער ליגט צוא וויסין בלומען

3.

דער שנייא וואס פאלט אראפ פון אויבין
צוריק קען ער זיך ניט אום קערין
מען זאל זיין בראכט אונ קלארהייט לויבין
דאך צוא שמעלצט ער זיך אין טרערין

4.

דער לייב דער שטארקסטער פון די טהירין
אין דיא לאנד וואו ער איז גיט גיבארין
זיין מוט קען דארט ניט עקסעסטירין
זיין קראפט אונ מאכט האט ער פערלארין

5.

דער נאכטיגאל װעלכער טוט פער רייזין
זיין שיקזאל האט אים גיהייסין גייך
זיין גיזאנג קען ער דארט ניט װייזין
דיין ליד איז נאר זיין זיפץ אליין

6.

גירייסין בין איך גיװארין פון מיין בוים
פון מיין הימיל גיפאלין װיא דער שנייא
דער לייב ליגט אין אפרעמדין רוים
דער נאכטיגאל װייט פון נעסט אוי װיי!

אסנת

גינוג שוין יוסף טרערין צוא גיסין
דאס הערץ װערט מיר אוים גירייסין
װער קען עס אוים האלטין, װער קען עס פער טראגין
אייערע הייסע טרערין, װיינען און קלאגין
דאס רירט דאך אויף, אין פעלד א שטיין
בפרט אזוי א יונגע מיידיל, װיא איך אליין
איך בעשװער אייך יוסף, מיט אלער היילינקייט
צוא דער ציילין מיר, דעם שיקזאל פון אייער צייט
װאסער שטורעם, עס האט אייך אהער פער טראגין
װער אייערע עלטערין זיינען, זאלט איר מיר זאגין

(יוסף בעגיסט זיינע אויגין. בעדיינקט זיך אקליין װיילע)





יוסף

איך װעל אייך מיין גישיכטע, דער ציילין מיט שרעקין
נאר איר זאלט עס, פער קיינעם ניט ענדעקין.

(עלוקה קומט אריין און נארטין גייט צו יוספן)

עלוקה

דיא װירטין רופט אייך

(צוא אסנת)

אט דוא קום אויך גלייך

(זייא גייען אלע ארוים)

## ענדע פינפטע סצענע

---

## זעקסטע סצענע

דער גאבינעט פון זליכה'ן

(אויף דעם װאנט הייננט אגאלדענער טאין אגרויסער, אזאפע, דער ביא אטישיל, ביא איין זייט ציטער שטייט דיא גענטין עשתירת פון שטיין גיהאקט, אויף אמארמאר שטיינענעם פוראמענט, זעט אוים װיא אפרוי מיט פיל בריסט אויף איר הארצין, פון שטערין גייען אירע הערנער ארוים, אין איין האנד האלט זיא אקרוג, אין דיא צװייטע האנד אקלינג בלעך מיט אשטעקיל צום קלינגען, אנטקעגין דעם גאלדענעם טאין שפיגילט זיך זליכה, אפרוי אלט בערך אזאר דרייסיג, אין
אבלאאה

אבלאה ניידענע קלייד, זיא נעמט פון טישיל אפלעסיל
רויזען וואסער אונ וואשט ארום איר גיזיכט
רויבערט אוים אקליין שטיקיל אלאען האלץ, קוקט
זיך ווידער אין אין גאלדענעם טאץ, פער ריכט
דעם טואלעט, שמייכילט זיך מיט אפאנטאזי)

## זליכה

חלעבין, זליכה איז נאך שיין, נאך גאר איתנע פריילין
ווער הייסט עם זליכהן, אינע יארין ציילין!
דאס גיזיכט איז שיין, קרעפטיג אומעטום
דיא באקין רויט, דיא ליפין וויא אבלום
דיא טאליע, דער פאשאן, וויא מעסיג וויא גלייך
דער וואוקס וויא אבוים, אח וויא רייך
דער פנים קלאר, דיא אויגין גלאנצין
אונ צוא וועמען גיהערט זיא אין גאנצין?
מיט וועמען זיא איז גיגייט צו לעבין?
וועמען מוז זיא איר ליבע געבין?
מיט איין אלטין מאן, אן פלייש, אן ביינער
אפין קאפ קיין האר, אין מויל קיין ציינער
דיא הויט היינגט, קנייצען אפין שטערין
דיא ליפין נעצט, דיא אויגין טרערין
דא ניט ער אהוקט, ברעכט ער מויערין
דא גיט ער אגענעץ, פער טויכט ער דיא אויערין
עטוואס צוא היים, איז אים שוין אחסרון
עטוואס אוועגד, ווערט ער פער פראריין
אונ אזעלכען ווילט זיך, מיר פאר אפרויא





אזוי איונגעד וויא איך, איז דאס גוט אזוי?
אונ ער איז דער הערשער, ער איז דער הער
ער היט מיינע טריט, וואו איך גיב זיך אקער
שלעכט, אפארקערטע וועלט!
חלעבין גאר אן אשכל גישטעלט
אויבין דיא פים, אונטין דיא קאפ
דיא ערד ארויף, דיא הימיל אראפ
דיא העסליכע מענער
דיא דארע שפענער
מיט דיא פערוואקסענע בערד
וויא דער עק פון אפערד
שאלטין, וואלטין
דעם בייז צו האלטין
אונ דיא פרויען דיא שיינע
דיא הערליכע דיא ריינע
דיא צארטע דיא איידעלע
פון נאטור דיא שענסטע זארטין
וויא דער שיינער סעדעלע
וויא דיא בלומען אין גארטין
זאלין זייא זיין גיצוואונגען
צוא דיא העסליכע יונגען
זייא מאגין נעמען, וויא פיל פרויען זייא גיפעלט
אונז, איז דער פערגעניגען פער שטעלט
אליין צוא גיין, האבין זייא מורא צוא טרויען
אין הארעם פער שפארט מען, דיא עלינדע פרויען
מיט טול מוז מען גיין, דאס גיזיכט פער שטעלט

מען מאר נאך ניט אן קוקן, דיא ליכטיגע וועלט
זעלבסט ביין קעניג אין הויף איז אויך ניט בעסער
פער שפארין דיא פרויען, אונטער טויזענד שלעסער
דיא אלע דינער וואס ווערט צוא זייא גיבראכט
האט מען זייא פריער, פער אונמאגזבילדין גימאכט
עס איז זייא פער ווערט מיט אפרעמדין אוואורט צו ריידין
ווען ניט איז זיא גרייט, צוא גיברענטע ליידין
אה! איר מיידלאך פון מצרים, אייער שיקזאל וויא ביטער!
בעקומט איר נאר אמאן, האט איר שוין אהיטער
אייערע פאטערס צאלט מען צוא, אייך קויפט מען אפ
מי פער קויפט אייך וויא שקלאווינען, מי צאלט פון קאפ
איר האט אפילו קיין דעה ניט, צוא זעהען פאר אויס דעם חתן
נאר דאמאלס, ווען איר זייט שוין אין הארעם פער שלאסין
וויא היות אין דיא גראטעס, בעהאנדילט מען זייא
אט אפערשאלטענע גישלעכט, אז אח אונ אז וויא!

(זיא נעמט איינע וויים פלאקסענעס ליילאך אונ דעקט אריבער דיא געטין)

## זליכה

עס פאסט ניט גאט זאל הערין דיא רייד
ליבערסט, פער דעק איך אים מיט אקלייד

(זיא גייט ארום איבערין שטוב מיט פאנטאזי)

אבער ניין, אונ דווקא ניין,
יא איז ניט גישוואוירין צוא אים אליין
חלעבין דיא הערין פער גרייזז





זייא מעגין איר פער שפארין אין אייזין
הענד אונ פיס שמידין אין קייטין
דעם גייסט אבער קען מען ניט גייטין
וואס זיא וועט פער לאנגען
וועט זיא שוין דער לאנגען
זיא וועט שוין קריגין
אירע פערגעניגין
אירע הערין
וועלכע זיא איז גערין
איר מאגט אייך אין שטייגיל
פער שפארין דיא פייגיל
ליבט איר
גלעט איר
גיט איר זיסע זאכין
זינגט איר
פייפט איר
זיא וועט אייך אויס לאכין
נאר אווייליע דיא טירעלע אפין
אהא דיא פייגעלע איז שוין אנטלאפין

(פון איר פאנטאזי לויפט זיא אליין צוא צום טיר, פלוצלונג קומט אן פוטיפר, אמאן בערך איאר 60, אין אלאנגין בלאען מאנטיל מיט אברייטין גרינעם גארטיל, וואס אין אים שטעקט אגרויסער קינדזאל, אפין קאפ אגרינעם טורבאן, ער וויל פרעגין זליכהן וואו זיא לויפט, נאר ער הוסט זיך שטארק פער נאנדער

נאנדער אוהו אוהו אוהו ! וויא עס לאזט אים
עטוואס אב , פרעגט ער זליכהן מיט האסט)

## פוטיפר

וואו לויפסטו ?

(זליכה ווערט ערשטוינט פון איר פאנטאזיע
זיא בלייבט שטיין אקליין ווײלע שטיל
זוכט ווערטער צוא אנטווארטין אים)

## זליכה

איך בין . . . . . נאר גיסט . . . . . . ע ע . . . ניט גיזונד
גלאט אזוי . . . איך ווייס ? . . עפעס . . . דיא קאפ רונד
איך האב קיין אפעטיט , . . . קיין קראפט קיין מאכט
ע . . . . פעס נאר ניט גיזונד , ניט פאר דיר גידאכט

## פוטיפר

גייא דיר צום נילוס , דארט איז פרייא דער וועטער
נעם מיט , עלוקהן . . . אוהו . , . קום אווײלע שפּעטער
היינט ווארפט מען פיער מענשין , פער קרוקעדעלין
קענסט אויך גיין זעהען . . . אוהו , אויב דוא ווסט וועלין

(פוטיפר הוסט שטארק אוהו אוהו אוהו)

## זליכה
(שטילער הייט)

מיא האט מיר שוין גיווארפין פער אקרוקודעל
ער זעטיגט זיך גינוג , מיט מיין פלייש אונ פעל





(פוטיפר טוט זיך אן פאראדנע קליידער ,
זליכה קוקט אף אים מיט האס)

## פוטיפר

קום אונטער שפעטער , וועסט קוקין פון ווייטין
איך מוז יעצט , צום פאראד רייטין

(ער גייט ארויס פון טיר)

## זליכה
(אלס פוטיפר איז ארויס פון שטוב)

ניין דוא העסליכער טיפאן , איך בין ניט דיין
דוא הערשט אף מיין קערפער , דאס הארץ איז מיין
מיין לייב איז פערקויפט , אבער ניט מיין גיפיל
מיין גייסט איז מיינער , איך ליב וועמען איך וויל
דער טויט מיט דעם לעבין , שטייט דא מיר פאר
פוטיפר מיט יוספן , גיט אגלייכע פאר ? !
אדינערין בייא דיר יוסף , אונ צוא זעהען דיין שיין
איידער בייא דעם פוטיפר , אווירטין צוא זיין
ווער עס זאגט דוא ביזט אקנעכט , דער איז אנאר
חא חא חא יוסף אקנעכט אונ פוטיפר אהאר
גיין דער וואס איז שיין , דער איז דער העער
אונ כאראקטער דער צוא , וואס דארף מען מער
אה ! דוא שיינער יוסף ! דוא איינגיל פון גאט !
ביזט גיפערליך , ווער נאר אליבעס גיפיל האט
ניט פי־בסת , אסור , ניין ניין !
דיא געטין פון שוינהייט ביזטו יוסף אליין

(ויא נעמט אראפ אהארף, זעצט זיך אפין זאפע, קלינגט אן מיט דעם גלעקיל, עזובה לויפט אריין)

עזובה

ואס וינשט איר מאדאם?

זליכה

רוף מיר פון גארטין יוספן אהער

(עזובה לויפט ארוים, זליכה שפילט אונ זינגט!

1.

אח מיין הארץ, מיין הארץ ציט צוא דיר
דער פייער פון יוסף, ברענט אן אשיר
דיין טאליע, דיין מינע, דיין גאנצער פאשאן
פער גיפטעט דיא הארץ, וועלכע דיר קאן

2.

דיין ליבליכע אויג, דיין בליק וואס איז טרייא
ברענט אין מיין הארצין, איך בין גאר פער בייא
דיין שטעל מיטין פוס, דיין קער דיין דיר
דיא געטין פון שוינהייט, איך ליב זייער דיר

3.

גאט! גיב יעדערין נאך זיין פערלאנג
דעם רייכטהום, צירונג, דעם אשיינעם גאנג
מיר גיב אקליין שטיביל, אויף דעם גראז דעם גרינען
גאר איך מיט מיין וואונש, זאלין וואוינען דערינען
איך



4.

איך וואלט מיר גאנץ פלייסיג, ארבייטין מיין פעלד
זייען שניידין, אלעס הער, אלעס העלד
גאר דיזע טרייסט, איז מיר שוין קיין זאך ניט שווער
דאס איך בין דיא פרוי, אונ יוסף מיין הער

5.

גאר צו וויסין אונז ביידין, גיים אשרעקליכער טייך
דיא שטראמען, דיא וואהלין, פליסין זיך גלייך
דוא צו נעמסט מיך פון ווייטין, איך קען צו דיר ניט קומען
איך וואלט גערין אריבער, איך קען אבער ניט שווימען

6.

אח דוא וואסער! טריקין דיך איין
וואלט איך צוא אים אריבער, דארטין צוא זיין
דער נאך זאל דער שטראם, נאך שטארקער דיר טראגין
דאן וואלט דארט קיינער, מיין וואונש ניט צוא שלאגין

7.

וויא איך מוה גאר אדרעמיל, קומסטו מיר גלייך פאר
דא שטייסטו, דא לויפסטו, איך זע דיר ניסט קלאר
אנטלויף ניט זיסער טרוים, האלט אויילע האלט
לאז מיר זיך זעטיגין, מיט יוספס גישטאלט

8.

אויף וועמען איך קוק, דיר האלט איך אין זינע
דא

דא אויף דער ערד, קען איך דיין גלייכין ניט געפינען
מער ניט אין הימיל, אין דיא זון ביזטו אויך
איך קען אבער ניט גרייבין, עס איז זייער הויך
(עס קומט אריין יוסף, זליכה לייגט
אוועק דעם הארף אפין טישיל)

יוסף
וואס ווינשט איר מאדאם ?

זליכה
וואס איך ווינש, וואס איך פערלאנג פון דיר
דיין גיזיכט צוא זעהען, און גינוג פאר מיר

(יוסף לאזט אראפ דיא אויגין צוא דער ערד)

זליכה
אוועלט מיט שקר, ניטא היינט קיין רעכט
פוטיפר אהאר, און יוסף אקנעכט !
איך וואלט צוואנצינ פוטיפרס, פון הארצין פער יאגין
נאר דוא זאלסט מיר דעם ווארט «יא» זאגין
(יוסף אנטווארטעט איר אויף דעם
נאר ער בעטראכט דעם גאט
עשתורת וויא ער איז פער דעקט)

יוסף
וואס איז דען דיא געטער אפ גיגאנגען
אז איר האט זייא מיט אליילאך פער האנגען ?

זליכה
ווייל דאס שטייט פער זייא ניט אן
זייא זאלין זעהען, וואס מיר ווילין דא טאן





יוסף
אט אזעלכע געטער איז גוט, פאר מצרים קען עס טויגין
זיא וויל מאן וואס ניט רעכט, פער שטעלט מען זייא די אויגין
וואס זאל איך אבער, מיט מיין גאט טאן
וואס ביא אים גייט, אזעלכע קונצין ניט אן
קיין פער בארגענהייט, איז פון מיין גאט פערשטעלט
זיין היילינע אויג, קוקט אויף דער גאנצער וועלט
ער זעט גאנץ ריכטיג
סיי פינצטער סיי ליכטיג
דיא אויג שפירט, דיא אויג זעט
יעדע זינדע, יעדער חטא
דרום גינוג שוין מאדאם, פון דעם צוא ריידין
וועט זיכער גלייכער זיין, פער אונז ביידין
וויא קען איך אלס דינער, זא אונטרייא זיין
מיין הער גיט מיר איבער, אלס אין האנד אריין
זיין גאנצע ווירטשאפט, האט ער מיר גיטרויט
ער וויים פון קיין זאך, אויסער זיין ברויט
זאל איך חלילה זיין, אונטרייא אזוי
דאס איך זאל נאך פערלאנגען זיין פרוי ?
ווארפט אוועק מאדאם, דעם דומען גידאנק
אייער אומזיסטע מיה, טוט מיר נאר באנק

זליכה (מיט צארין)

און ווען איך וועל דיר לאזין אין קייטין שמידין
וועסטו דאמאלס בעסער זיין צוא פרידין ?

יוסף

(יוסף קערט זיך אום צום טיר צום אוועק גיין)

יוסף

ווער גאט וואס האט מציל געוועזן פון פייער מיין זיידין

דער וועט מיך מציל זיין , פון אלע ליידין

(יוסף עפינט די טיר , ער גייט

ארוים, זליכה רופט אים, יוסף ! יוסף !

---

# זיבענטעשצענע

פוטיפר׳ס שפאציר גארטין אקארסט באגינגען

אנגארטין גיפלאנצט אלערלייא בוימער , אין מיטין אנגראבין פון וואסער וועלכע אלע בוימער טרינקען פון אים , פון די זייטין שטייען אלע געטער פון מצרים , דער גאט בעל צפון וויא אשלאנג , אמון וויא אבאראן מיט הערנער , זוגען גיהאקט פון שטיינער , בילדער פון פיינלאך , בילדער פון חיות וועלכע די אלע גילטין פער געטער , בתום , חנס , סוא , און , פי־בסת , אונ עשתרות אין מיטין , יוסף שטייט עין סאזילקע , זיין גיטארע אין האנד) ,

יוסף

איר שטערין אין הימיל ! איידער איר פער גייט

איידער די זון איר ליכט פער שפרייט





געט איך אייך שטערין ! נאך אויילע שטייט

ענדעקט מיר איצט , דעם סוד שטילער היינט

איר האט דאך מיר צו גיזאגט צו מיר זיך צו קניען

אה ! א יאר וויל שוין באלד, אין זיין עוויקייט פליען

אונ איך בין נאך אשקלאוו , אאייבינער קנעכט ?

אפנים די טרוימען ווייזין ניט עכט ,

אונ פילייכט דינט מיר די הויז פער אלייטער

צוא לייטערין מיר ריין , צו זיין ריין אף ווייטער ?

אונ כדי איך זאל מער זיין , גיבויגין גיקנייצט

האט גאט אף מיר די זליכה׳ן אן גירייצט ?

אה ! פון דער גאנצער וועלט די קייטין

וועלין מיך אויך דאצוא ניט גייטין

זיא איז פאלש דעם מאן , וועל איך טאן איר ווילין ?

גיין , אגם זאנסט געבאך , וואס זיא וויל זיך מיט די רייד קילין

אסנת ! אסנת ! וויא ווייט ביזטו דאס פון דיין מוטער

איר הארץ איז אגיפטיגער שלאנג , דיינע איז ווייך וויא בוטער

וויא גוט ביזטו , דיין גיזיכט וויא רייך

צוא מיין מוטער רחל , ביזטו אסנת גלייך

דרום ליב איך דיר נאך מער

אבער איך טאר ניסט—אקנעכט בין איך—ניט קיין הער ....

איר שטערין ! אז איך האב אייך יע אין טרוים גיקוקט

אונ אייערע עלף , האבין זיך צוא מיר גיבוקט

וואלט איך אייך מוחל זיין ממשלה , אף מיין גאנצין לעבין

נאר איר זאלט מיר קענן , אסנת׳ן געבין ,

אבער איר ווייזט מיר וואס אנדערש איצונד

איר ווייזט מיר מיין טאטין , וויא ער וויינט נאך זיין קינד

איר

איר טומעלט דיא גידאנקען , איר קערט מיר מיין מוח
איר ווייזט מיר מיין טאטין , אשוואכין אן פנה
וויינט אונ שרייט , מיט בלוטיגע טרערין
"מיין קינד מיין קינד" ער וויל גאר ניט אויף הערין
ער זוכט רק יוספן , אונ קען אים ניט גיפינען
אונ מיר ליגט גאר , גארעשקייט אין זינען

(יוסף זעצט זיך אגידער בייא דער
סאזילקע אונ זינגט מיט טרערין)

1.

דינה דוא שוועסטער גיטרייע
טרייסט דעם טאטין פון זיין לייד
זייא דעם טרוקענעם בוים מחיה.
מיט דיינע פייכטע זיסע רייד

2.

פון כנען , אונ פון איר גיטימיל
פון מיינע פריינד,פון אלע גוטע מענשין
ווייט פון זייא וויא פון הויכען הימיל
וויא פון די שטערין וואס דארט גלענצין

3.

מיין לבנה לייכט דארט מיט אירע שטערין
מיין זון שיינט דארט אין איר פראכט
אונ איינזאם דא , פער גים איך טרערין
איינזאם קלאג איך , טאג אונ נאכט

ווייט



4.

ווייט בין איך פון אלע ראטהין
ווייט פון לאנד דיא קינדער עבר
ווייט בין איך פון אלטין טאטין
ווייט פון מיין מוטערס קבר

5.

שקלאווין דינסט גיט מען מיך צו ארבין
קלאגט ווער יוספן קאן פון פריר
וואו זייגען אין פעלד דיא אלע גארבין
וועלכע שטייען אויף פער מיר

6.

וואו זייגען אין הימיל דיא עלף שטערין
וועלכע אלע צוא מיר זיך בויגין
פאטער איך זע איצט דיינע טרערין
פליסין דיר וויא טייכין פון דיא אויגין

7.

אונ פילייכט האט איר מיר גיט אין זינען
פילייכט האט איר מיר גאנץ פער געסין
גאר איך לאז אייביג טרערין רינען
דעם דורסט גאך אייך ,קען איך ניט לעסין

8.

קיין פער דרוס האב איך צף אייך דעריבער

איך

איך בעט גאט, איר זאלט מיר ניט גידיינקען
פער קערט , מיר איז דאס נאך ליבער
פער וואס זאל אייך דאס הארץ נאך קריינקען

(יוסף וויסט אפ זיין גיזיכט פון טרערין, ער שטייט
אויף אונ גייט אוועק , זליכה קומט אן פון דעם
צווייטין זייט , זוכט יוספן אונ גיפינט אים ניט)

## זליכה

ער האט מיר גיזעהען גיין , איז ער אוועק
וויא ער מיט דאס מיר אוים ! אשרעק אשרעק !
אזאר נאך אנאנד , אז איך מאטער זיך אזוי
איך עלינדע , אונגליקליכע פרויא
איך האב אים גימאכט גרעסער , פון אלע מיינע שקלאפין
אויף מיין גאנצע ווירטשאפט , גיב איך אים צוא שאפין
אונ וואס מער איך ליב אים , איז ער רק גישייטער
וואס מער איך יאג אים , אנטלויפט ער רק ווייטער
פיל מאל האב איך מיר , צום נארין גימאכט
ווען זעט עס אשקלאוו , וויא דיא ווירטין צוא אים לאכט ?
ער איז וויא אייזין , זיין הארץ וויא שטיין
אה ! ער שטעפט מיר וויא מיט שפיזין , מיט זייןווארט "ניין"
איין יונגער מענש פון אכצין יאר
זאל ניט שפירין קיין ליבע , נאך ניט אף אהאר
ווארט , ווארט , דוא פער פלוכטער קנעכט
וועל איך זוכין נקמה , איז מיט דיר זייער שלעכט
ווען איך וועל בייטין , ליבע אף ראכע





וועסטו ניט אוים האלטין , מיט דיינע קרעפטין דיא שוואכע
ווען איך זאל מיט דיר גלייך אונגליק זיין
מוזטו דורך מיר , אין טורמע אריין

(זליכה גייט אוועק מיט צארין , אסנת גייט אריין
אין גארטין פער בייא דיא געטער , קוקט זיך אום
אויב קיינער הערט ניט וואס זיא וויל דא ריידין)

## אסנת

אה איר געטער ! וואס זייט איר פון מיר ווייט
איר זעט ניט איך האב אין הארצין אשטרייט ?
אין מיר ברענגט אפייער , איך קען עס ניט לעסין
דאס וועט מיך פער ברענגען , אין גאנצען אויף עסין
איך ליב אזעלכין , וואס קען מיך ניט ליבין
דען ער איז אין בוך פון די שקלאפין פער גשריבין
וויא דער נעץ פאנגט , פיש פון ניהל
אזוי פאנגט זיין גיזיכט , הערצער מיט גיפיהל
אבער אוואנד פער שטעלט , דאס איז מיר שלעכט
איך בין פוטיפר'ס טאכטער , אונ ער איז אקנעכט
וואלט איך זיין אשקלאווין , גיקויפט וויא ער פער געלט
וואלט איך דאס גינומען , וואס איך וואלט גיוועלט
אבער זאל איך אים יעצט לויבין , איז אזינד אונ אשאנד
קענין מיין פאטערס פאמיליע , קענין די גיזעץ פון לאנד
איך בעט אייך געטער ! זעט עס איבער צוא שרויפין
צוא נעמען דען , זאל איך צוא הילפע לויפין ?
אונ וואס בעדייטעט דער טרוים . פון היינטיגע נאכט ?

צי וויל איך האב עם, ביא טאג גיטראכט
אדער פילייכט ווייזט מען מיר, פון הימיל פון אויבין
אונ איך קען אין זיא האפין, זיבער צוא גלויבין . . . . . .

(אסנת בלייבט שטיל, דען זיא הערט טריט פון
אמענשין, יוסף קומט אן, ער גיפינט איר זייער אונבוטהיג)

## יוסף

וואס שטייט איר פריילין אזוי פאר קלערט, פער טראכט

## אסנת

מיך טרוימט אטרוים היינטיגע נאכט
מיט פיל פרויען צו זאמען, דוכט מיר איך שטיי
אין אגרויסין זוואריגעץ, פון חיות אלערלייא
לעמפערטין, בערין, היינעס, לייבין
עלפאנדין גרויסע, מיטין ריסיל אויף גיהייבין
וועלף, טיגערין, קרוקאדילין, שלאנגען
די מילער גישלאסין, מיט אייזערנע צוואנגען
אין בעזונדערע קאסטינס, מיט אייזערנע גראטין
וואס זייא ליגין פער שפארט, דאס וואלט ניט שאטין
נאר דאס איינע האט מיך פער דראסין, אוי ווינד !
וואס מי האט דעם לייב גישטעלט, צוא זאמען מיט דיא הינד
פלוצלונג זעצט דער לייב, דיא גראטע אוים
אונ צפין פרייען פלאץ, שפרינגט ער ארוים
אלע דאמען זיינען פער ציטערט גיווארין
צשפאס אלייב לויפט פרייא מיט צארין





דיא דאמען אלע צוא לויפין, אין אלע עקין
אונ דער לייב גייט צו צו מיר, נעמט מיר לעקין אונ שמעקין
קושט מיר דיא פיס, אונ האט מיר אף זיך אויף גיהייבין
אונ אנטלאפין מיט מיר, אין שטייג פון דיא לייבין . . . . .

## יוסף

אסנת ! מיט אייער טרוים, האט איר מיר גימאכט
אז עס דוכט מיר, איך טרוים דאס איצט, וויא ביא נאכט
אונ איך שטעל מיך איצט פאר, ווי די גישיכטע איז גישעהען
אונ ווינש מיר : הלוואי וואלט איך אליין דער לייב גיוועזן
אונ יעצט פרעג איך דעם בדייטונג ביא אייך
אונ איר ווידער קענט עס מיר ניט פותר זיין גלייך ? . . . . . .

(אסנת לאזט דיא אויגין ארונטער)

## אסנת

איך פער שטייא אז איר זייט פון אדעל גיבארין
אונ יעצט זייט איר אדינער גיווארין
נאר איך בעט אייך יוסף, דער ציילט ניט זאמט
ווער איר זייט, פון וואנען איר שטאמט

(יוסף בעדיינקט זיך אקליין ווילע)

## יוסף

פון אברהם העברי, האט איר גיוויס גיהערט
וואס האט זיין אמונה, פאר אלעמען ערקלערט ?

## אסנת

אה ! אין יעדער שטאט, אין יעדער לאנד

איז דער נאמען אברהם העברי בעקאנט
עס איז שוין ביינאהע הונדערט יאר אז ער איז טויט
דאך דער מאגען אים מענשין ענציקטער זייט
גאר וואס געהערט ער אן , מיט איך ?
בין איך עס גערין , צוא וויסין גלייך

יוסף

דיא געהיימניסע זאג איך אייך אויס
אז פון אברהמס פאמיליע, קום איך ארויס
מיין פאטער איז אאייניקיל , פון אברהמען אליין
אונ איז גינוג רייך , דאס קענט איר פאר שטיין
גאר אאונגליקליכע סבה , האט מיר גיטראפין
אז גאט זאל מיר , מיט שקלאווין דינסט שטראפין
יעצט אסנת ! פאר שטייט אליין
ווער דער לייב קען זיין ......

אסנת

אח מיין גאט ! איך ווער עס גיט אויס האלטין
זייט איר דען אזון פון יעקב דעם אלטין ?
פיליכט זייט איר דאס, זאלט איר מיר זאגין
פון די וואס האבן, דיא שטאט שכם דער שלאגין ?

יוסף

איך גיט , נאר צוויא ברידער מיינע
... האבין אבער אין דעם, אריכטיגע טענה

אסנת

איך ... וייל שכם ... זייער שוועסטר מיט גוואלד פערנומען





אח מיין גאט ! איז יעקבס אזון צוא אונז פער שוואומען ? !
אונ אזוי פיל איז בייא אייך , דיא שוועסטער טייער
אז איר ווילט פאר איר , האץ גיין אין פייער ,
איז זיא האץ גינוג שיין , זאלט איר מיר זאגין ?
איז כדאי גיוועזן פאר איר , מיט אשטאט זיך צו שלאגין ?

יוסף

ווילט איר זעהען ריכטיג , איר גיזיכט איר שיין ?
קוקט אייך אליין , אין אייער גאלד שפיגיל איין
אייער גיזיכט , אייערע אויגין , אייערע האר , אייער שטערין
וויא אין איין פורעם וואלט איר ביידע גיוואקסין ווערין

אסנת

וויא קען עס טרעפין אזוי איין עהנליכקייט
ווען איך בין פון איר , פרעמד אונ ווייט ?

יוסף

דאס איז אלעס בייא גאט אין האנט
פיליכט קענט איר נאך , ביידע ווערין בעקאנט

אסנת

ווען איר זייט שוין יע , פון אברהמס משפחה
טוט חן מיר , דיא איינע הנחה
ערקלערט מיר ריכטיג אברהמס אמונה
וואס פילע שרייען , זיא איז גיבויט מיט תבונה

יוסף

איך וואלט עס גערין טאן אייער פערלאנגען

הייגט איז דאך אבער, דער גילוס אויף גיגאנגען
דארפט איר דאך צום פאראד גיין
דען גאנץ שטאט וועט דארט זיין, גרויס אונ קליין

## אסנת

דער פאטער וועט מיר רופין, ער וועט אהער קומען
אט לאמיר זיך זעצין, געבין דיא בלומען
זייא זעצין זיך ביידע אנידער, געבין דיא גיפלאנצטע בלומען

## יוסף

אויב איר זייט איר באמת גערין
זייט איר עס ווערט, איך זאל אייך ערקלערין
אברהמס אמונה איז מיט דעם גיהויבין
וואסער צייגט די דומהייט פון מיטעלאגישען גלויבין
אונ מיט דער צייט, וועט שטייגין דער גלויבין, דיא אומה
אז דיא געצין דינסט, וועט שוין גאר ניט האבין קיין תקומה
אט הייגט דארף אייער טייך גילוס אויף גיין
דאס איז פון דער נאטור, נאך מיין זיידינס מיין
וויל אין דיא ווארעמע לענדער, אין דעם היגין זייט
האבין די רעגינס, די ווינדין, זייער בעשטימטע צייט
דאצוא האט ער קוואלין, ארוף שטראם
וואס אין דעם מאנהייט, עפינט זיך זייער תהום
אונ אז די רעגינס, די ווינדין, די שטראמען אים רייצין
מוז ער ניט ווילינדיג, דיא פעלדער פאר פלייצין
דאן קומט עס אוים, פון אייער טובה וועגין
וויל ביא אייך אין מצרים, גייט ווייניג רעגין

טרינקט



טרינקט דער טייך גיהל דיא פעלדער אן
וואס אבער האבין אייערע כהנים גיטאן
זייא זייגען דאך די רעדיל פירער אין יעדער שטאט
קרויגען זייא דעם טייך, מיט דעם נאמען גאט,
אונ פאר שטעלין נאך מער, דעם פעביל דיא זיין
אונ הייסין פארין טייך, אקרבן מקריב זיין
ניט אקרבן פון שאף, ניט פון רינדער
גאר איונגע מיידיל, פון אייערע בעסטע קינדער
גיוויס האבין זייא איר, צוא אזינדע אן גירעט
אונ דיא ערליך קינד, האט ניט גיוועלט דעם חטא
אונ פילייכט קוקין זייא שוין מיט כעס אף אייך
אט זייט איר שוין גרייט, פאר אקרבן צום טייך

## אסנת

האנדלען זייא דאך מיט מענשין, פונקט וויא מיט שטרוי!
שייץ, אלע יאר טוען זייא דאך אזוי!
אה מצרים! ווער עס פירט דיר פארין נאז
בהמות זייט איר דאך! איר דארפט עסין גראז!

## יוסף

אין אינדיען איז אזוי טוב, האב איך גיהערט זאגין
וואס דאמאלס פארין דיא כהנים, מיט אדריי גארינדיגען וואגין
איבער אלע גאסין, מיט גרויס עהרע
מיט צוועלף אייזערנע רעדער שווערע
דיא כהנים שטייען אויבין אונ שרייען
ווער וויל נאט דעם לעבין אנטלייען?
אונ וויל זיין צוא גאט אהייליגער קרבן

ווערט שוין זיין טויט, ניט גירופן געשטארבן
דען ער גייט ארוף אין הימל לעבעדיגער הייט
אונ אלע פערגעניגן, איז פאר אים דארטין גרייט
דאן ליגין זיך טויזינדער, ביי דיא רעדער אנידער
ביז עס ווערט צוא ריבין, אף מעל זייערע גלידער
אונ דעם גאנצין איינינם, וואס דער קרבן האט
פעלדער אפין לאנד, אונ היתער אין שטאט
געמען צוא דיא כהנים, דיא וועלביגע שעה
אונ זיין הימלישין פערגיניגען, גינימין זייא דא
דאס זיינען זייערע כהנים, דאס איז זייער פלאן
אונ וואס זיינען אייערע, ניט דורך אבמאן ?
מיט דיא גיהיימנימע פון נאטור, מאכין זייא קונצין
בכן פאלגין זייא די געטער, וואס זייא האבין גיוואונצין
אדער מיט מאגישע קונצין, פאר בלענדין זייא דיא אויגין
אונ דער פעביל שרייט, אט אט איז גיפלויגין
האבין אשריפט, מיט דעם נאמען היראגליפין
כדי מען זאל ניט פאר שטיין, זייער סוד דעם טיפין
אונ גאר פון דער נאטור, מאכין זייא אלע קונצין
מיט דער נאטור. פאר שטיינערין זייא טויטע מענטשין
וואס עס בלייבט גאנץ אף טויזינדע יארין
ווער עס קומט אן אין דיא סעקטע ווערט ער בעשווארין
אז ער טאר זייערע סודות אייביג ניט ענדעקין
אונ מאכט שוין באלד אויך קונצין, מיט זיין צויבער שטעקין

קלוג זיינען זייא, דאס איז גיוויס
אבער בעטריגער, פון קאפ ביז דיא פים





זאבין טאקע אין פיל חכמות, אשטארקע ידיעה
אונ ליגין טאקע אף דעם, גינוג יגיעה
אבער אמעלקענדע קוה, האבין זיי דאך דר פאר
לעבין גליקליך, אן דאגה, אן צער
אט דיא אלע געטער, וואס איר זעט דא שטיין
איז עס נאר אוים גיטראכט, פון זייא אליין
וואס מער אנאט, איז בק מער הכנסה
נוא, פרעג איך: וואס פעלט עס אזוי אפרנסה ?

אבער מיין זיידע אברהם, האט דאס גיט געהערט
ער האט אייביג גיוויזין, אז דיא קונצין האט קיין ווערט
ער האט דיא געטער, צוא בראכין מיט דיא הענט
דער פון האבין פיל מענשין דער קענט
אז דאס זיינען קיין געטער, נאר האלץ אונ שטיין
דען זייא קענען ניט העלפין, אפילו זיך אליין
דאן האט מיין זיידע פאר אלע פאר גישטעלט
אז נאר איין גאט איז דא אויף דער וועלט
אונ ער פאר זאגט דיא נאטור, זיא זאל זיין אזוי
ניט עשתורת, ניט אמון, ניט בעל צפון, ניט סוא
ניט חגם, ניט פיבסת, ניט סעראפים, ניט און
נאר קראפט אין דער נאטור, פאר זאגט גאט אליין
דאס זאל וואקסין, דאס זאל בליען
דאס זאל סטויסין, דאס זאל ציען
דאס זאל זייגין, דאס זאל עסין
דאס זאל ברענען, דאס זאל לעסין
דאס זאל קילין, דאס זאל היצין

דאס זאל דונערין , דאס זאל בליצין
דאס זאל גליווערין , דאס זאל גיסין
דאס זאל שטראמען , דאס זאל פליסין
דאס זאל שפראצין , דאס זאל רירין
דאס זאל וואריעמען , דאס זאל פרירין
דאס זאל פליען , דאס זאל שוועבין
דאס זאל שטארבין , דאס זאל לעבין
יעדער שטערין , האלט דיא וואג
מיט זיין גיבאט , מיט זיין פער זאג
יעדער באשעפער , היט דעם ארגאן
מיט דעם בשעפערס דעה , מיט זיין פלאן
אונ דיא גאנצע בשעפע , וואס די אויג נאר זעט
איז דורך אוים , נאטעס מוזיק , קאמפלעט
דער שפילט פידיל , דער שפילט פלייט
דער שפילט באם , דער טראמפייט
דער שפילט איילט , דער פאזאן
דער שפילט קלארנעט , דער טראמבאן
דער וואלטארנע , דער ארגאן
דר קלאפט אין פויק, דר פארטעפיאן
דעם דעריזער שטעקיל , האלט נאט אין האנד
אונ דיא נאטור שפילט אים , אטייערין קוראנט
אונ דער מענש מיט שכל , לעזט דיא נאטין
וויא יעדער שפילט , וויא גאט האט גיבאטין
אונ אחי האט מיין זידע , גיקענט אויף צייזין
פיל אייערע כהנים ווילין דעם פעביל פער גרייזין
זייערע קונצין , מיט דיא היטרעשע כונות





זייערע זון קירכין , אונ מענשין פער קרבנות
זייערע בלוט פער גיסין , מיט זייערע בעטריגין
זייערע אכזריות, מיט די פערבארגענע פערגעניגין
די פאלשקייט די היטראשין , וואס ביא זייא עקסעסטירט
אונ וויא ווייט זייא האבין , דיא וועלט פער פירט
ביז ער האט הונדערטער , גיעפינט דיא אויגין
צוא זיין ריינעם גלויבין , הונדערטער צוא גיצויגין
ביז גאט האט אים גיהייסין , אויף דער וועלט רייזין
דעם היילינין גלויבין אלעמען צוא ווייזין
פון לאנד צו לאנד , פון נאציאן צו נאציאן
אונ אלעמען גילערינט , זיין רעליגיאן

## אסנת

אחו וויא בין איך יעצט , גליקליך אונ רייך
דיא וויכטיגע ווערטער , צוא הערין פון אייך
איר האט מיך יעצט בעצויבערט , מיט אייערע רייד
איך וועל שוין האלטין דיא וואג , צוא וויסין אאונטער שייד
יא , יא , איר זייט פון דיא קעניגע , פון דיא לייבין
ער שטאלצירט מיט זיין גבורה , איר מיט אייער גלויבין
איך שווער אייך יוסף ! ביא אייערע עלטערין די פרומע
דאס איך וועל ניט הייראטין , פון אנאנדער אומה
ביז גאט מיט זיין רחמנות , וועט מיר בעגליקין
אונ וועט מיר איינעם , פון אברהמס קינדער שיקין . . . .

(פוטיפר קומט אן , אן גיצויגין אין דיא
פאראדנע קליידער , ער גינעהנט צוא אסנת)

### פוטיפר

נוא, דער גזל איז דאך שוין היינט גרעסער געווארין
עס גייען צום פרעה, דער קעניג אונ אלע מיניסטארין
אלע חרטומים (ער הוסט, אוהו אוהו) אלע מאנארכין
עס וועט דארטין זיין פערגעניגענדע זאכין
טוא זיך אן מיין קינד! וועסט אויך גיין
גאנץ שטאט וועט דארט זיין, גרוים אונ קליין
וועסט זעהען וויא מיא וועט ווארפין אין טייך דיא מיידיל

### אסנת (מיט שרעק)

ניין פאטער! דאס צוא זעהען, בין איך צוא איידיל!

### פוטיפר

פירכטע ניט קינד, מיר וועלין גיין צוא זאמען
אלע דינער, אונ איך אונ דוא מיט דיא מאמען
נאר דוא ביזט דאך מיין טאכטער! נאך גאר ניט אן גיצויגין
איך הייל מיך צום פרעה, איך וואלט גערין גיפלויגין
אונ דוא וועסט דאך ניט גיין, אן דיינעם אבעקאנטין
אט, שיק איך דיר גלייך, דיין גובערנאנטין

(צוא יוסף'ן)

אונ איר יוסף? פאר בלייבט צוא הויז!

(צוא אסנת'ן)

גלייך שיק איך דיר, דיא גובערנאנטין ארויס

פוטיפר



(פוטיפר לויפט אוועק, יוסף הייבט זיך אויף
צום אוועק גיין, אסנת האלט אים אויף)

### אסנת

אה! וועלכער מענש קען עס דער בייא זיין
זעהען וויא מיא ווארפט אמענשין אין טייך אריין

(יוסף פרייט זיך, וויא עס גיפעלט אים אז זיינע ווערטער
האבין שטארקט גיווירקט אויף אסנת צארטע הארץ,
ער בעדיינקט זיך אקליין ווייליע אונ פרעגט איר):

### יוסף

מיינע גיהיימנישע, האב איך אייך ענטדעקט אלס
זאגט איר מיר פריילין! ענטגעגין
וואס פאר אבלעכיל, הייגנט עס שטענדיג בייא אייך אויפין האלז?
איך האב שוין לאנג גיוואלט, בייא אייך פרעגין,

### אסנת

פון קינד וויים אן, טראג איך דאס
מן הסתם בעדייטעט דינעס, אויף וואס
גאר פון מיינע עלטערין, האב איך אפארזאג
אז איך טאר עס ניט עפענען, ביז מיין לעצטין טאג

(עס הערט זיך שפילין טראמפייטין, יוסף אונ אסנת גייען
צוא זעהען, פון ווייטין איז צוא זעהען דיא מיליטער
מיט דעם גאנצין פרעה, נאכהער דיא כהנים, מיא
פירט דיא מיידיל אין מיטין, ארום איר מיליטער מוזיק,
אסנת אונ יוסף בעהבין דיא הענד, איינינע מורינען
לויפין

לויפין אריין אין גארטין, צוא טראגין אסנתן צום פאראד)

## ענדע זיבענטע סצענע

---

# אכטע סצענע

זליכה'ס גאבינעט

(עלוקה האלט אבארשט אונ קערט דיא

דילין, עזובה קלאפט אוים דעם טעפּיך)

### עזובה

אפילו קיין יום טוב, איז פאר אונז ניטא
גאנץ מצרים, איז היינט קיין גילום דא
אזוי א היליגער יום טוב וויא היינט אשפאס
עם קערט דאך נאראד, פול דיא גאס
אונ מיר זיינען וויא דער איזיל, רק טוה אונ טוה
סייא וואך, סייא יום טוב, ניט ער קיין רוה

### עלוקה

דער ווירט האט דאך אונז גיהייסין צום פאראד גיין
נאר דאס וואקסט אלץ, פון דעם עברי אליין
צייט דער ווירט האט אים אין הויז גיבראכט
איז מען גישפאנט אין סאחע, טאג וויא נאכט
אונ ער איז שוין דער גאנצער ווירט אין הויז
שלעכט, אנוייטער האפענונג צוא ווערין פון אים לויז
זליכה



(זליכה קומט אריין האלט דיא האנד פיין שטערין)

### זליכה

וואס גייט איר ניט צום פאראד ? וואס זאמט איר אייך
סיא האט דאך שוין דיא מיידיל, אוועק גיפירט צום טייך
איך וואלט אויך גיגאנגען, נאר איך קען היינט ניט גיין
דיא קאפ טוט מיר וויא, איך בלייב דא אליין
איך וועל טרינקען אגלעזיל קאפע
אונ וועל מיך דא צו שפארין אפין זאפע

(עלוקה אונ עזובה לויפין ארוים)

### זליכה (אליין)

איצט איז די צייט, איצט איז די גליקליכע שעה
אלע זיינען אוועק, קיינער איז ניטא
אה ! אויף די פליגיל פון ווינד, וואלט איך גיפלויגין
גאר דיר איין מאל צוא זעהען מיט דיא אויגין
דוא יוסף ! קענסט לעשין מיין פייער וואס ברענט
מיין לעבין, מיין טויט, איז ביא דיר אין די הענט

(זיא חאפט זיך אויף פון זאפע, רויכערט
זיך אוים מיט אלאען האלץ, קלינגט
אן מיטין גלעקיל, יוסף לויפט אריין)

### יוסף

וואס ווינשט איר מאדאם ?

### זליכה

זיין יוסף, היינטיגע נאכט קען איך ניט שלאפין

טויזענדער געדאנקען זיינען מיר איבער געלאפען
די וועלט מיט איר פירונג, וויא איך האב בעקלערט
ווה איך איין, עס איז אלין פונקט פער קערט
וואו דער מענש, שטרעבט זיך נאך אציל
לאזט זיך אוים, פער קערט וויא ער וויל
דער שלעכטער מיפאן, ער טוט עס אוף
ער קערט אום דעם גליק, מיט דיא פיס ארוף
ער הערט קיין רייבע, ער שעצט קיין קענער
פעראכטעט פרויען, פערהאסט מענער
דער קלוגער האט קיין ברויט, אויך קיין גוטע פריינד
דער נער האט גוטע ברידער, זיין געזיכט שיינט
דער ארדענטליכער מאן, איז אייביג נידריקט
דער דיב, דער רוצח, איז אייביג בעגליקט
דיא שיינע פרויא, איז צוא אאלמין מאן געצוואונגען
דער שיינער קנעכט, איז צום העסליכען הערר פערדונגען
ער ליבט נאר, דעם דיב, דעם נער, דעם רייכען
מיר אבער, קענען דאך דיא זאך פער גלייכען
ווען מיר זאלין ביידע, אפארטי שליסין
דאן וועלין דיא שיינע, די פריידע גניסין

(זליכה נעמט זיין האנד צום מויל)

דיין שיינע געזיכט, וועלכע לייכט אפראכט
האט ביא מיר טיף אין הערצין, אנעסט געמאכט
ענטפער מיר יוסף, דעם ווארט "יא" דעם זיסין
דען מיין הערצין, ווערט מיר אף שטיקער צו ריסין

(יוסף קערט אפ זיין געזיכט, שטייט אויף אונ וויל גיין)





## יוסף

אייער איינענע פאנטאזי מאכט אייך קראנק
נאר אייער מיה איז אום זאנסט, נאך מיין גדאנק

(זליכה ווערט צארינדיג, חאפט
אים ביין מאנטיל פעסט)

## זליכה

איצט יוסף! איצט איז געקומען דיא צייט
קלייבט אייך אוים, ציא פריד ציא שטרייט
גינוג שוין מיט אייך פאליטיק צוא שפילין
קורצע ווערטער, איר טוט מיין ווילין?!

(יוסף רייסט זיך צוא אנטלויפען,
זליכה האלט אים פעסט ביין מאנטיל)

יעצט העלפט קיין תירוצים. באין אופן
דוא וועסט שוין איצט, פון מיר ניט אנטלויפין

(יוסף ציט ארוים מיט אינפעט דיא הענד פון ארביל,
לויפט ארוים דורכין טיר, זליכה בלייבט שטיין,
מיט זיין קלייד אין האנד, פער קלעמט אונ ערשראקין)

גיין, אונגליקליך מאך איך אים היינטיגין טאג
אין קייטין שמיד איך אים, פוילין אין אסטראג
דען דיא זעלביגע קייטין, קען איך גניסין
ווען פוטיפר, זאל זיך דיא וואהרהייט דער וויסין

(עלוקה אונ עזובה לויפן אריין פריליך
אונוויסענד וואס דא האט פאשירט)

## עלוקה מיט עזובה

אי ווייא וואס היינט האט זיך ביין גילוס גיטאן
מען האט דעם קעניג גיטראגין אפין טראחן —
די מיידיל וואורפט ער אריין, מיט זיין האנד אליין
אלע באמטע זיינען גיוועזן, גרוים אונ קליין
מוזיק האבין גישפילט, דיא פריסטער גיזונגען
מיט פויקין גיקלאפט, מיט גלאקין גיקלונגען
אונ דיא חרטומים, מיט דיא כהנים.....

(פלוצלונג ווערין זייא ערשטוינט פון א פירכטערליכש
גישרייא וואס זליכה האט פון הארצין אוים גישריען)

## זליכה

אוי! — שלעכט! — איך בלייב — ניט גוט —
אחרטום! — גיכער! — לאזין בלוט —

(דיא דינערין)

ליבסטע מאדאם! וואס איז אייך גישעהן?
נייא! וואס איז דא גיוועזן?

## זליכה

אין אונמאכט בלייב איך, שלעכט איז מיר! שלעכט!
דער פער פלוכטער עברי, דער פאלשער קנעכט
איך



## עלוקה

איך האב באלד פער שטאנען, אז דא האט וואס גיטראפין
קוקענדיק ווייא יוסף, איז פון שטוב ארוים גילאפין

## זליכה

אט ליגט נאך זיין מאנטיל, אט ליגט נאך זיין קלייד
אוי! — איך וואלט אייך דער ציילין זיינע אלע רייד —
אז ער איז שוין אין גאנצין דער ווירט. אוי איך בלייב
ווילט זיך אים שוין זליכהן, פאר צו ווייב

(די דינערן קוקין זיך ביידע אן מיט פערוואונדערונג
אונ מיט אפאר שטעלטין גילעכטער)

## זליכה

איך בין אזוי איינזאם, אפין זאפע גילעגין
איך זע דער עברי שטייט מיר אנטקעגין
גענמט זיך ווייצלען, אזוי מונטער פריש
עס האט מיך גינומען טרייסלען, הענד אונ פים
טוט נאך אוים די קלייד, די פאר שייטע אויגין
אונ וויל זיך לעבין מיר, אפין זאפע לייגין

## עזובה

עס גייט אים וואס אפ? וואס פעלט אים מער?
אט וויל ער שוין זיין אין גאנצין דער הער

## זליכה

איך האב גינומען שרייען, ראטעוועט מיר

אט איז ער פון פחד, אנטלאפן דורכין טיר
אבער זי וועט עס מיין מאן, גאר וועלין גלויבין
דער יונג איז דאך בייא אים, אזוי גיהויבין
בעט איך אייך קינדער, פאלגט נאר מיך
וועט איר פון אים, פטור ווערין אף גיך
אז דער ווירט וועט קומען, זאלט איר אים זאגין
דאס איר האט פיל מאל גיוואלט פער אים קלאגין
וואס יוסף האט אייך אויך, דער צו אן גירעט
מיט גוטין, מיט בייזין, מיט כעס, מיט גישפעט
אונ אויף איצט, זאלט איר זיין עדות צווייא
אז איר האט זעלבסט גיהערט מיין גישרייא
אוי! מיין קאפ! איך דער האלט ניט—שלעכט!
מיט אלע קרעפטין, האב איך מיר קעגין אים גיפעכט

(עס קומט אן פוטיפר, גייט צוא
צום זאפע, די דינערין טרעטין אב)

## זליכה

דאס הארץ איז מיר שוואך, אוי! — איך בלייב!
נייא זע, וואס טוט זיך שוין מיט דיין ווייב.

## פוטיפר

(מיט האסט)

וואס איז שוין דא גיוועזן? זאג שוין זאג!
אויילע זיך פאר זאמט, איז שוין אנייער קלאג

## זליכה

דעם עברי, דעם קנעכט, מאכסטו דאך פאר אבאלעבאס





גיב אים שוין דיין ווייב אויך, ער פאר לאנגט דאך דאס

(פוטיפר בלייבט שטיין פער וואונדערט אונ ערשטוינט)

## זליכה

(מיט גיוויין)

קיין אנדער קנעכט, קען מען אין מצרים ניט בעקומען
אז ער האט דעם עברי, אין הויז גינומען?!
ער גייט נאך צום גילוס, זעהען דיא קרוקאדעלין
פרעגט: וואס קען אים דר שטובינער קרוקאדעל פעלין?

## פוטיפר

ווער איז דער קרוקאדעל? מאנסט דאך זאגין,
גלייך ווערט ער בייא מיר, טויט גישלאגין

## זליכה

איך האב דאך דיר גיזאגט, ווער אונ וואס
אט אז מיא מאכט, אשקלאוו, פאר אבאלעבאס

## פוטיפר

(צוא דיא דינסטין)

גיכער פירט אים ארייז
גלייך וועט זיין ענדע זיין!

(דיא דינערין לויפין ארויס, גלייך פירין דיא ארייז
יוספן, אסנת קומט נאכהער פאר בראכין דיא
הענד, פון איר גיזיכט פליסין טייכין טרערין)

פוטיפר (צוא יוספן)

אזוי עברי ? אזוי פירט מען אוועלט ?
וואס האט דיר פארט בייא מיר גיפעלט ?
האסט גיהאט עסין, האסט גיהאט געלט
האסט גיט גיוואוסט, פון הונגער פון קעלט
נאר אזוי — האט זיך דיר פאר וועלט ? !
דוא האסט זיך נאר ניט פאר גישטעלט
אז דוא ביזט אשקלאוו, גיקויפט פאר געלט ?
גייסטו צו מיין פרויא, און איר גיצעלט !—

### יוסף

נאט פון הימיל !! נאר דוא ווייסט ריכטיג !

### פוטיפר

קענסט נאך זיין אזוי גידערטרעכטיג !!

### עלוקה, עזובה

העדר מינסטער, מיר האבין ביז יעצט פאר הוילין
אונזערע צרות, פאר אייך צוא דער ציילין
ער האט פיל מאל גיוואלט, אונזער ארדענטליכקייט בערויבין
פאר וואס זאלט איר איצט, דיא ווערטין ניט גלויבין ?

### פוטיפר

רופט מיר הערנפרין אהער !
אונ פיל מיט גיוער !

עלוקה



(עלוקת אונ עזובה לויפין ארויס פרייליך,
אסנת פאלט דעם פאטער צוא דיא פיס)

### אסנת

שטראף ניט פאטער ! איידער דוא דיא ווארהייט ווייסט !
אויף אונשולדיגע בלוט, גיפינט מען נאכהער קיין טרייסט !
זעץ אים אין תפיסה, ביז עס וועט זיך דיא ווארהייט דער גיין
דער נאך מאגסטו אים טאן, וואס דוא ווילסט אליין
אבער חלילה פאטער, אים שוין צוא הייגגען !
אה יעקב ! מיא וויל דיין קינד אום ברייננגען !!!

(אסנת פאלט אין אונמאכט,
פוטיפר האפט איר מינטערין)

### פוטיפר (מיט גישרייא)

וויא איז מיר ! מיין קינד איז פאר בייא !!!

(יוסף לויפט צוא, מינטערט איר
אב, אסנת עפינט דיא אויגין)

### אסנת

וואס ראטעוועט איר מיר ? דער טויט איז מיר נוט !
איידער צוא זעהען, אונשולדיגעס בלוט !

### זליכה (צוא אסנת)

פאר דעם פער פלוכטין עברי, וואס נעמסטו זיך אן
ווער דען ? דיין טאטער האט עס גיטאן ?

רעבינסט

רעכינסט דיין מאמען , חלילה אין אזוי אגראד ?
טוא וואס ביזטו , אז דיין מוטער איז אין חשד ?

## אסנת

איך בייד דאך קיין ווארט , איך פער לאנג נאר גידולד
פילייכט האט יוסף , אין דעם נאר קיין שולד
ער האט יעצט קיין לשון , פאר לארין זיין שפראך
נאכהער וועט מען וויסין , אף ריכטיג דיא זאך

(עס קומט אריין חרנפר , נאך אים פאליציאנטין מיט
הוילע דעגינס, איינער פון זייא האלט איזערנע קייטין)

## פוטיפר

(מיט כעס צוא חרנפר ווייזינדיג אויף יוספן)

דעם פאר פלוכטין עברי , נעמט צוא פון מיין שטוב
שמיט אים אין קייטין , אונ ווארפט אים אין גרוב !

(דיא פאליציאנטין לויפין צוא , ווארפין
אנידער יוספין אף דער ערד , שמידין אים
הענד אונ פיס , אסנת לויפט צו צום פאטער)

## אסנת

איך בעשווער דיך פאטער ! מיט וואס דיר איז ליב
אז דוא זאלסט יוספן ניט ווארפין אין גרוב
ער וועט ניט אויס האלטין , דעם ערשטין טאג
אה ! זייגע קייטין , אפשר צעהען פוד וואג
ליבערשט , זעץ אים אריין אין אסטראג
אה יעקב ! וויא גרוים איז דיין קלאג ! !

דיא



(דיא גובערנאנטין לויפט אן אף דיא גישרייא פון
אסנת זיא פאלט פוטיפרין צוא דיא פיס)

## דיא גובערנאנטין

מיין ליבער הער ! איר מוזט מיר פערצייהען
וויא לאזט איר עס אייער קינד , אזוי יעמערליך שרייען ?
אה ! דאס קינד האט זיך איר שוואכע הארץ צו ריסט
הייסט , ער זאל זיין אין אסטראג ארעסטירט
פון שווערע קייטין , פון אייזערנע שרויפין
קען מען אויך פון אסטראג ניט אנטלויפין

## זליכה

(מיט אלע קרעפטין)

הייננען זאל מען אים ! ! אוי ! — איך בלייב —
אבער ער פאלגט דיא טאכטער — ניט דיא ווייב

## אסנת (צו זליכה)

ליבסטע מוטער ! לעש אפ דיין צארין !
ערוועק דיין רחמנות , אף זיינע יונגע יארין !

## פוטיפר (צו חרנפער)

איך טוה עס נאר צוא ליב , דיא גובערנאנטין
זעצט אים , וואו דעם קעניגס , ארעסטאנטין .

(דיא פאליציאנטין נעמען יוספן , אסנת בעגלייט אים
מיט טרערין , פער בראכין די הענד , די גובערנאנטין
ווישט דיא אוינין , עלנקה אונ צנובה פאצין מיט דיא

העגט

הענד, יוסף שרייט אויס; אה נאט !!! מען פירט אים ארויס, דער פארהאנג פאלט.

## ענדע אכטע סצענע

### אונד אויך

## צווייטער אקט

---

פערלאג פאן מרדכי קאצענעלענבאגען, בוכהענדלער אין ווילנא.

# מכירת יוסף

## איין טעאטער שטיק אין זיבין אקטין אונ אין זיבעצעהן סצענען.

גיפארמירט נאך די בעסטע אונ גלייכסטע דעות פון גמרא, פון מדרשים, פון ילקוט, פון מפרשים, אונ פון אנדערע קלוגע ספרים, פערפאסט דורך אוים אין לידער מיט גיזאנג, צום פאר שטעלין אויף דער סצענע. באשריבין די קאסטיומען מיט דיא דעקוראציאנען, נאך דיא עגיפטישע זיטין, אונ זייער מיטהעלאני.

פאן
אליקים צונזער
בדחן מווילנא.

### צווייטער טהייל

ווילנא
דרוק פאן יצחק יהודה ליב קאצינעלינבויגען.
תרע"ד

*Эліокимъ Цунзеръ.*

# МХИРАТЪ ІОСИФЪ

Продажа Іосифа братьями.



*Часть Вторая.*

Изданіе и собственность
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНА,
Книжный магазинъ. Вильна, Еврейская ул. д. № 1

ВИЛЬНА
Элект. о-тип. И. А. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНА,
Виленская ул., д. № 10.
1914.

# דריטער אקט

## דיא תפיסה הויז

(אין צעהען יאר ארום)

פון פריא מארגין

(תתרע, עזמות, נאך איינינע
תפוסים גישמיט אין קייטין)

### תתרע

דיא גידאנקען טומלען מיר, דעם היינטיגין פריא מארגין
איך הער ניט אויף צוא דאייגין, צוא זארגין

### עזמות

איך בין אפעס אויך פאר קלערט, פאר טראכט
דען מיך טרוימט וואס, היינטיגע נאכט

### תתרע

אט דאס האט מיך היינט גישלאגין מיין מוהט
מיך טרוימט אויך, אבער ציא שלעכט ציא גוט
דאס קען איך ניט וויסין, נאר דאס הארץ שרעקט
אבער הין ציא הער, זאל שוין זיין גיעקט

(איינער פון דיא תפוסים)

שיקט נאך אחרטום, וועט ער איך פותר זיין

אהער

### תחרע

אהער לאזט מען , קיין חרטום גיט ארײן

(דער תפוס)

אט פאר געסט אייך אן טרוים , און זייט פרײלעך

### עזמות

אויסער דעם איז גוט , צוא זיין פאר האסט פון מלך ?
אצאר אב צוא זיצין , וויא מיר קוועלין זיך דא
אפילו קיין פרײע לופט , איז פאר אונז ניטא
ניט אונז שיינט די זון , ניט אונז פרייט דער פרילינג
אונזער לעבין איז ניט ווערט אשילינג

(דער תפוס)

דער וואס איז נאך , פון פעביל גיבארין
וואס ווערט ער אן , וואס האט ער פאר לארין ?
עסין האט ער , חרגפר האט קארין
קאלט איז אים ניט, ער ווערט ניט פער פרארין
צוא צרות איז ער פון דער יוגענד גישווארין
דאך איז אים שווער , צוא ליידין דעם צארין ;
מיר וועלכע זייגען גיוועזן געגעראלין
זאלין מיר אזו זיין אויף אייביג פערפאלין
אין קייטין גישמיט , פאר שפארט אין גרוב
דאס איז אונזער בעט , און דאס איז אונזר שטוב !
אה חנם ! אמון ! פי־בסת ! און !
צוא אונזרע צרות , זאגט אמאל „שוין" !
(אסנת קומט ארײן קוקט זיך אום)



### אסנת

יוסף איז ניטא ? וואו קען ער עס זיין ?

(אתפוס)

גלייך גלייך , קומט ער ארײן

### תחרע

עס גיט וואס נײעס ? וואס הערט זיך אין שטאט ?
אה פאר וואגילט איז מען , פון לייט און פון גאט

### אסנת

מיא פוצט דיא גאסין , פריילאך אומעטום
דעם קעניגס גיבורטסטאג , איז אין דרייא טעג ארום

### עזמות

דעם טאג איז ער פרייוויליג אם בעסטין
גיוויס וועט זיין , נײע מאניפעסטין

(יוסף קומט ארײן , אסנת נעמט
אונגידולדיג יוספן אן אזייט)

### אסנת

ליבער יוסף , מיין פעטער , מיין פריינד
אמרויערינע נאכריכט , ברײנג איך הײנט
זליכה איז גישטארבין , וואס האט מיך ערצויגין ....

### יוסף

אייער מוטער ? וואס האט אייך גיבארין ? גיוויינן ?

אסנת

זיא איז ניט מיין מוטער, איר הערט אסעקרעט ?
זיא האט אלעס ענדעקט, אף איר טויטע בעט
דיא ארבייער האבין מיר, צוא איר געבראכט
אונ זליכה האט מיר, פאר אפינדלינג בעטראכט
דרייא יאר בין איך דאן געוועזן אלט
זייא האבין מיר, געפונען אין וואלד
זליכהן איז געפעלן, מיין געזיכט מיינע אויגן
אונ האט מיר געקויפט, אונ בייא זיך ערצויגין
אויף מיין האלז היינגט דאן, דער זעלביגער צעטיל
פוטיפר עפינט לייענט דיא בלעטיל
אה וויא ערשטוינט איז ער געווארין
צו זעהען פון וואסער פאמיליע, איך בין געבארין

יוסף (ערשטוינט)

וואס הייסט ? איר זייט ניט זליכה'ס קינד ?
אונ איר ווייסט אייער שטאם ? אה ! זאגט שוין געשווינד

אסנת (מיט געוויין)

איך בין פון כנען, מיט אייך פון אין מדינה —
מיין מוטער איז — אייער שוועסטער דינה

יוסף

אה גאט !!

אסנת

אונ דעם צעטיל, האט דער זיידע יעקב געשריבין





בשעת ער האט מיר פון הויז פאר טריבין
יווער עס הייראטעט, אסנתן איצונד
דער האט פאר אורייב, יעקבס אקינד.

יוסף

אה הימיל !!

אסנת

(פאלענדיג אין דיא ארעם פון יוסף)

איר זייט מיין אנקיל, אברודער פון מיין מוטער !
אה ליבער יוסף ! מיין פריינד מיין גוטער

יוסף

מיר זיינען שוין ביידע, פון כנען פאר טריבין
אין דער פרעמד פאר ווארפין, עלינד געבליבין

(עס ווערט זייא ביידין איביל, דיא תפוסים
אלע לויפין צוא, חרנפר לויפט צריין)

חרנפר

וואס איז אייך יוסף ? מיין פריינד ! מיין טרייער

יוסף

(קומענדיג צוא זיך)

גאר ניסט — גאר ניסט — שוין עטוואס פרייער

חרנפר צוא יוספן

וואס קימערט אייך אזוי, זליכה'ס טויט ?
דורך איר זיצט איר דאך געשמיטערהייט

איך ווייס אז זיא האט זיך גיוועזן מתודה
אויף דעם וואס מיר ווייסן עס בודאי
אז אין אייער שטראף, האט איר קיין חטא
זיא האט אלעס ערצייהלט, אף איר טויטע בעט

### אסנת

מיר ווייסן דאך, אז פוטיפר ווייס עס פון לאנג
אייער זיצין תפוס, טוט אים באנג
זיין גיוויסן דריקט אים, דאס הארץ טוט אים פרעסן
דרום שיקט ער דאך אייך, פון זיין הויז עסן
נאר ער איז גיצוואונגען, דאס צוא פאר דעקין
דען פער איר פאמיליע, טוט ער זיך שרעקין

לאזט ער אייך לויז, אין דעם משפט ענדעקין
ווערט מען דאך דער מיט, איר נאמען פער פלעקין
דרום האלט ער דיא שטריק, פון ביידע עקין

### תרנפר

ליידעט יוסף! נאטעס שטעקין
פילייכט, ווערט זיך אהילף ערוועקין
אונ גאט ווערט אייך, זיין האנד אויס שטרעקין

(יוסף קוקט זיך ארום, זא וויא ער וויל וואס ריידין אמוד)

### יוסף צוא תרנפר

איך האב גיוואלט מיט אסנתין וואס ריידין
פילייכט קענט איר, דיא תפוסים פון מיר שיידין?

נייט



### תרנפר (צוא דיא תפוסים אלע)

גייט אייך קינדער! אפין הויף ארויס

(תרנע אונ עזמות אונ אלע תפוסים
גייען ארויס, אונ תרנפר אויך)

### יוסף

נאר מיך וואונדערט, אף מיין פאטער איצונד

וויא לאזט ער ארויס, פון דרייא יאר אקינד?
אין נאטעס וועלט, עלינד, אליין?

### אסנת

דעם זיידינס כונה, קען איך ניט פער שטיין

### יוסף (פער טראכט)

יא! יא! זיין כונה איז ניט צוא פער שטיין
וויא שיקט ער מיר, צוא מיינע ברידער אליין
וואס ער ווייס וויא שטארק, עס איז זייער שנאה
זייא וואלטין מיר גישטאכין, דורך זייער קנאה
אונ דער פאטער, ווייסט דעם סוד פון דעם
אונ שיקט מיר דאך, צוא זייא קיין שכם?

### אסנת

איר האט דאך ערצייהלט, וואס מיט אייך פאשירט
אז די שנאה פון די ברידער, האט אייך איבער גיפירט

### יוסף

ביא אונז איז דיא זיטע, פון אייביגע יארין

אז דער בכור, וואס איז צום ערשטן געבארן
בעזיצט אין דער פאמיליע, אמאנארכעשן שטאנד
ער ריכטעט, ער שטראפירט, וויא אקעניג אין לאנד
אונ דער פאטער, טוט אים אן, אקלייד פארין לעבן
צום בעוויז אז דיא הערשאפט, איז דעם בכור אוועק געגעבן
אונ ווייל מיין פאטער, האט אן ראובנ'ן דער קענט
אז ער איז צוא הייליגד, ער פלאמט, ער ברענט
דרום גיט ער מיר, דיא הערשאפט, דיא בכורת
רחל'ס אקינד, רחל'ס בכור, דיא ערשט געבארענע פרי
אזיידענע העמדיל, צום סימן גיט ער מיר איבער
כבן, אז איך שטייג, מיינע ברידער אריבער
אונ נאך זיין טויט, בלייב איך דער פירער
דער ריכטער ביי די ברידער, דער גאנצער רעגירער
וויא וואהל מיינע ברידער, האט דאס זייער געברענט
נאר וואס האבן זייא דען, מאכן געקענט?
איך וואר אונטערין שוטץ, פון מיין פאטערס הענט
איך האב פון מיין הערשאפט, שטענדיק געטראכט
ביז דאס פלעגט מיך טרוימען ביי נאכט
איך האב אייך דאך דער ציילט, וויא עס איז דער גאנגען
ביי דעם טרוים פון דיא גארבן, זייא וואלטין מיך גיהאנגען
נאר מיין צווייטין טרוים, בשעת זייא הערין
מיט די זון, מיט די לבנה, מיט די עלף שטערין
דא איז שוין דער פאטער, גירירט געווארין דער פון
דען דאס מיין איך דאך אים, אין משל פון דיא זון
אט דא האב איך שוין, זיין עהרע בערירט
דען כל זמן ער לעבט, ריכט ער אונ רעגירט



צום ביישפיל, ווען איינער זאל צום קעניג קומען
אונ זאגין: מיך טרוימט, איך האב דיין קרוין צו גינומען
געוויס איז פער יענעם, שוין ווייניג די תפיסה
דען יענער איז גיוויס, חייב מיתה
דער פאטער האט זגלייך, אף מיר מיט בעס גישריען
ווילסט שוין זון: בעצייטין, אזוי הויך פליען
דיר איז נאך ווייניג, אויף דיא ברידער צוא וואלטין
ווילסטו נאך הערשין, אף דיין טאטין דעם אלטין
די ווייל וואס ער לעבט, איז דיר שווער אוים צו האלטין
איך האב פער שטאנען די נארעשקייט, דעם אויגין בליק
אבער מיא קען שוין דעם ווארט, ניט האפין צוריק
אונ אין אמאנהייט ארום, שיקט ער מיר קיין שכם
שיינט מיר, אז דער פאטער האט גיהאט, אמיין אין דעם
דען מיר איז אוואונדער אגרויסער
מיין פאטער, איז דאך אטרייער אהייסער
איבער הויכט, מיר ליבט ער וויא זיין לעבין
אז ער האט מיר, דיא בכורה איבער גיגעבין
טוה וויא שיקט ער מיר, צוא מיינע ברידער?
אה! נאך יעצט ציטערט מיר מיינע גלידער!
שטיין, פיל מאל האט ער בעמערקט
אז זייער שנאה איז גישטערקט
זייער קנאה, וויא פייער ברענט
אונ גיט מיר איבער צו זיי אין דיא הענט?
ניין, ער שיקט מיר נאר, דרום קיין שכם
ווייל איך האב מיך פערזינדיגט קעגין עם
דרום שיקט ער מיר, ווא זייא ניידין דיא שאף

אז איך זאל פון זיא, בעקומען מיין שבראף -

### אסנת

ווארום האט איר ביז יעצט, אזוינס ניט גיקלערט ?

### יוסף

ווייל איך האב פון אייער גישיכטע גיהערט
אז ער לאזט אייך ארויס, פון דרייא יאר אקינד
איז עס מיר אפין זינען ארוף איצונד
נאר . . . . . . . . שא ! מיא גייט . . . . .

(דיא אלע תפוסים קומען אריין)

### אסנת

זעט יוסף - וואס איז מיט דיא צוויא גענעראלין
וואס זייא זיינען אזוי אונמוטהיג, בייאנזיך גיפאלין ?

### יוסף

איך וועל צוא גיין צוא זייא, מאכין זייא מוהט
מיא מוז טרייסטין דעם צווייטין, ווען עס איז ניט גוט

### צוא תהרע אונ עזמות

וואס זיצט איר זא אונמוטהיג ? מיינע הערין !
פיליכט איז מעגליך, איר זאלט מיר ערקלערין

### עזמות

(מיט כעס)

וויא ערוואנסטו דיך, יונג ! צוא פרעגין ?
טויט שלאג איך אים, ווען איך האב דא מיין דעגין





### יוסף

פערצייעט מיר, מיינע הערין
איך וויל עס אייך מיט גוואלד ניט בעשווערין
גיוויס בין איך אדינער, דאס זייט איר גירעכט
איך פרעג נאר, ווארום זעט איר אויס שלעכט ?
אמאל איז ריינע וואסער, אין אנידעריגין ברוגעש
אמאל קען מען אטרייסט, בייא אדינער אויך גיפינעש

### אסנת

אח גאט פון הימיל ! וויא קענסטו זיין אזוי קאלט ?
קוק ארואפ אהער, וואו יעקב'ס קינד האלט !!

### תהרע צוא יוספן

האסט פיליכט, דיא קענטניסע צוא צייטין
צו פאר שטיין טרוימען, וואס זייא בעדייטין

### יוסף

גאט קען אויך אדינער, אשכל ערוועקין
וואס קיין חרטום, וועט דאס ניט ענדעקין

### תהרע

היינט פאר טאג, טרוימט מיך אטרוים
אז איך שטייא, בייא אווייןשטאק בוים
דרייא צווייגין, גייען פין בוים ארויס
פאר מיר אין די אויגין, וואקסין קנאספין אויס
גליך חייבין אן וויינאגראדין צוא בליען

און ווערין שוין צייטיג , נאר אן שום בעמיען
דעם קעניגס בעקער , האלט איך גאנץ פרייא
איך גיב אקוק — דער קעניג שטייט דער בייא
איך קוועץ אוים, דיא ווייןטרויבין אין בעקער אריין
און דער לאנג דעם קעניג , אבער ווען
דיא זעלבע מינוט , האב איך מיר אויף גיוואכט
איך בין שטארק , פון דעם טרוים פאר טראכט
דרום בין איך אונמוטהיג , דיא גאנצע צייט
דען איך קען ניט וויסין, וואס דער טרוים בעדייט

יוסף

(נאך איינינע מינוטין פויזע)

מיט דיא הילף פון גאט , בעקאם איך אוועג
דיא דרייא צווייגין , דייגען דרייא טעג
צייט דרייא טעג , קומט איר אפין פאריגין שטאנד
און ערלאנגט דעם בעקער , דעם קעניג אין האנד
נאר איך וואלט אייך בעטין , פיל ווייניג
מיך צוא דער מאנען , פאר דעם קעניג
און מיך פון דער תפיסה , מאכין לויז
דער קעניג קען מיר , פון פוטיפרס הויז
פוטיפר זעלבסט, וועט זאגין איצונד
אז איך בין אונשולדיג, איך האב קיין זינד

(דיא אלע תפוסים גייען נעהענטער צוא)

אסנת

איך בין זעלבסט פוטיפר'ס קינד



וויים איך גיוויס , אז ער האט קיין זינד
זיין אונגליק , האט אים נאך מצרים גיפירט
שוין צעהען יאר , אז ער זיצט ארעסטירט
ער האט שוין פיל גיליטין ; אין זיינע יונגע יארין
דיינקט ניט , אז ער איז , אקנעכט פון גיבארין
מיא האט אים גישטוילט , פון עברים לאנד
אה ! דיא עלינדע שיף , גייט צוא שטראנד !

(זיא וויינט) (דיא תפוסים אלע בעדויערין אים)

תתרע

וועט דיין בעשיידונג , ארוים שיינען העל
און איך קום צוריק , אויף מיין פאריגע שטעל
דער מאן איך דיר , ביין קעניג אין הויז
און גלייך נוערסטו , פון גיפיינקענעם לויז

עזמות

נועו דוא ביזט אזוי קלוג , דיינע גידאנקען אזוי תייך
קענסטו פיליכט בעשיידין , מיין טרוים אויך !

אסנת

(מיט אשמייכיל)

ער קען דא אגאנצער חרטום ווערין !

יוסף

וואס האט אייך גיטרוימט ?

עזמות

מיך טרוימט זיך אויך אגאנצין גישעפט אפ

דרייא קערב, מיט גיבעק, האלט איך אויף מיין קאפ
פון אויבן אף דיא קערב, פאלן אן פייגעלאך
אונ פיקן אלע מיט זייערע שנאבעלאך

(יוסף שווייגט)

עזמות

וואס שווייגסטו ?

תתרע

רייד !

יוסף

זאגט מיר צוא, אויף אייער הן
אז מיר וועט דאפאן, קיין בייז גישעהן

(אלע)

זאג ! זאג ! דיא בעדייטונג קלאר
דיך וועט ניט קריסען אהאר

יוסף

דיא דרייא קערב, איז דרייא טעג,
נאכן ערקלערן צייט דרייא טעג....

עזמות

זאג !

יוסף

צייט דרייא טעג וועט איר.....

עזמות

זאג ! זאג ! !

יוסף

וועט איר גיהאנגען ווערין –
אונ דיא גיבעק איז אבעווייז...



אז איר וועט זיין פאר פייגלאך אשפייז

עזמות

(מיט צארין)

וואלט איך איצט, גיהאט מיין שווערד
וואלט איך זיין קאפ, גישטירצט צו דער ערד !

יוסף

(צוא אלעמען)

אויף דרייא טעג, איך בעט אייך, לאזט מיר אפ
אויב פאלש וועט זיין, גיב איך מיין קאפ

(אלע לויפין צוא, אים שלאגין, אסנת
שרייט פירכטערליך, חרנפר לויפט אריין)

חרנפר

וואס איז דא ?

(אלע)

יא, יא, דרייא טעג מוז מען אים צייט געבין
וועט זיין ניט וואהר, פער שפילט ער זיין לעבין

אסנת

(צוא יוסף)

וועהע איז מיר ! צוא וואס האט איר דאס גידארפט
אז יעדער אויף אייך, זיין דעגין שארפט ?

(חרנפר נעמט יוסף ביין האנד, אונ גייט מיט
אים ארויס, אסנת גייט אים נאך מיט שרעק)

**חרנפר**

קומט ליבער פריינד, זייט נעבין מיר
די דרייא טעג, זייט אין מיין קוואַרטיר

(דער פארהאנג פאלט)

## ענדע ניינטע סצענע
## אונד אויך
## דריטער אקט

---

# פירטער אקט
## צעהענטע סצענע

אין צווייא יאר ארום

דער קעניגליכער זאל

(דער קעניג אפין שטול, דיא קעניגין ביין זייט,
פיל גענעראלין שטייען ארום, די וואך ביין טיר)

**פרעה**

תחרע! האט דער עברי גלייך דיא בעדייטונג גיטראפין?

**תחרע**

גלייך דרייא טעג זיינען קוים פער לאפין
קום איך אויף מיין שטעל, דעם קעניג בעדינען
אונ ער, האט זיין ארט, אפין נאלגאן גיפונען





**פרעה**

פון דעם אלטין עברי, האב איך אויך גיהערט
אז ער איז גיוועז, פיל אויף גיקלערט

**הדורם** (אלטער גענעראל)

מען האט דער ציילט, וואס מיט אים האט פאשירט
וואס ער האט מיט פרעה דעם ערשטין גיפירט
אויך מיט אבימלך, דער קעניג פון גרר
אויך מיט נמרוד, מיט זיין גאנצין דור
זיין שטרייט מיט כדרלעומר, תדעל, אריוך, אמרפל
וויא ער בעזיגט זייא, מאכט זייא גידעריג שפל
צוא ליב זיינעם אפלימעניק, מיט דעם נאמען לויט
שטרייט ער מיט זייא, אונ האקט וויא אין קרויט
אונ קיין גרוישע מיליטער, וואר ביי אים דאן
נאר דרייא הונדערט, מיט אכצין מאן

**פרעה**

שטאמט דער עברי, פון דעם אברהמען ארויס
דאן מאך איך אים, גישטיגין, אונ גרויס

(עס עפינט זיך דיא טיר, מיא פירט
ארין יוספין, יוסף בוקט זיך צוא דער ערד)

**יוסף**

גאט פון אברהם! וועלכער "אמת" איז דיין זיגיל,
באשיץ דעם קעניג, אונטער דיינע פליגיל

**פרעה**

דער אלטער אברם, וואס וואר אמאל היר
איז ער עטוואס, פערוואנדטע מיט דיר ?

**יוסף**

מיין פאטערס עלטער-פאטער

**פרעה** (צוא דיא גענעראלין)

שוין לאנג אז אברם איז היר גיוועזן ?

**הדורם**

צוויא הונדערט זעקס יאר אז דאס איז גישעהן

**פרעה**

יונגער עברי! דיינע עלטערן וואהרין אלע קלוגע לייט
פילייכט וועט איר טרעפין, וואס מיין טרוים בעדייט

**יוסף**

אויסער מיר, דעם מענשינס פערשטאנד איז גאנץ ווייניג
גאט קען אנטוואָרטין, דיא פריד פון קעניג

**פרעה**

הייגט פאר טאג, איך שלאף מיך שטיל
טרוימט מיך: אז איך שטייא, בייא דעם טייך ניהל
איך זעה פון טייך גייען, זיבין קיה ארויס
פעט אונ גיזונד, דיק אונ גרויס
אונ זיינען אפין לאנקע פער בליבין
באלד זיינען ארויס פון טייך נאך זיבין
דארע, קוואַרע, דיא ערגסטע אויף דער וועלט



אונ האבין זיך אויך, דארט אנידער גישטעלט
נאר דיא דארע האבין באלד דיא פעטע איין גישלונגען
אונ בלייבין דאר וויא פריער, אן גידערים, אן לונגען
איך האב מיך אויף גיוואכט, דעם אויגין בליק
ניט פיל דויערט, — אונ איך שלאף איין צוריק
עס שטעלט זיך מיר פאר, אז זיבין דיקע זאנגען
זיינען אלע פון איין ראהר, ארויס גיגאנגען
אונ באלד שפראצין, זיבין מאגערע זאנגען ארויס
פראסט הוילע הייטלאך, וואס דער ווינט שלאגט זייא אויס
אונ שלינגען איין דיא פעטע זאנגען
דעם בדייטונג דער פון, וואלט איך פערלאנגען
דיא חרטומים זיינען שוין דא בייא מיר גיוועזן
נאר קיין ריכטיגע בעדייטונג, האב איך פון זיי גיזעהן
איך היים זיי ארויס שמייסין דורכין טיר
איך האב באלד גישיקט נאך דיר

**יוסף**

קעניגליכע מייסטעטין! ביידע טרוימען זיינען נור איינע
דרום טרעפין זייא ניט, דיא בעדייטונג דיא ריינע
וואס גאט מאכט, ווייזט ער דעם קעניג אף פריער
דען דער טרוים איז בייא גאט, אלעס קורינער
ער ווייזט דעם קעניג, דען זיי זיינען אין שטאנד
פון הונגער פון נויט, צוא בעשיצין דאס לאנד
די קיה, די זאנגען, ביידע דיק אונ פעט
בעדייטעט אויף זיבין יאר זעט
דרום איז דער טרוים, גיוועזן: ביין מייך
דען ער בעפייכטעט די ערד, זעטיגט ארעם אונ ריין

דיא מאגערע קיה, דיא זאנגען דיא דארע
אויף זיבין יאר הונגער בעדייטעט דאס, קעניג פרעה!
זיבין יאר קומען אן, אזוי האט גאט גיבאטין
דיא פיה וועלין פעט זיין, דיא זאנגען גיראטין
נאך דעם קומט גלייך, זיבין יאר הונגער
דיא פיה וואס דארער, דיא זאנגען וואס גרינגער
אז עס וועט ניט קענטיג זיין אין לאנד צו זעהן
אז אמאל, איז אזעט גיוועהן
דרום זיינען דאפיל ביידע טרוימען
צום בווייז אז גאט טוט עס גלייך בשטימען
יעצט מוז דער קעניג זוכין, אמענש מיט פערשטאנד
אז ער זאל תבואה קלייבין, פון דאס גאנצע לאנד
מאנאזינען מוז איבעראלל, גיסטראעט ווערין
פון דעם, דאס פאלק, פון הונגער צוא ערנערין
מיט אלערלייא מיטעלין, דיא גיטריידע צוא היטין
זאנסט ווערט מצרים, אין הונגער פערשניטין

פרעה

וואס זאגט איר מיינע הערין, אויף דעם יונגען מאן?
איז דען אין מצרים זיין גלייכין פאראן?

תחפנס (דיא קעניגין)

זיינע ווערטער וויא פעריל, גיוואוינין מיט וואג
וויא דיא זון שיינט, אין מיטין העלין טאג
איך דיינק ווער עס ברייננט מיר דעם בריף אריין
דער מוז זעלבסט, צוריק דער שליח זיין —



צוא יוספן

ווען נאט פון הימיל, גיט דיר דאס צוא פער שטיין
האב איך קיין אנדער פערוואלטער, נאר דיר אליין
גאנץ מצרים, גיב איך איבער צוא דיר
פון יעצט אן, ביזטו דער צווייטער פון מיר
אויסער מיין שטוהל, ביזטו דער איינער
איבער דיר, זאל ניט בעהערשין קיינער

(פרעה נעמט אראפ פון זיין האנד דעם רינג)

פרעה (צום דינער)

דיא גאלדענע קייט טראג אריין!

(דער דינער לויפט אונ טראגט אריין דיא קייט)

פרעה

קום געהעהטער אברהמס זון! אט האסטו דעם רינג
פון היינט אן; ביזטו דער הערשער, אויף אלס דינג
אונ די גאלדענע קייט אויף דעם האלז טראג
דאס יעדער מוז פאלגין, זיין פערזאג
אויף מצרים אהערשער, וועל איך דיר זעצין
איר מיינע הערין! מוזט אים עהרין אונ שעצין

דיא הערין אלע נייגין זיך צוא יוסף,
יוסף הייבט אויף דיא הענד צום הימיל)

יוסף

גאט פון אברהם! וויא גרויס דוא ביזט
הייבסט אויף ארעמע, עלענדע פון מיסט

אונ שטיינגסט זיא אויף , ביז הימיל גרוים
אויף דיא עלינדע אסנת , קוק מיט חן
דיא צוויא קערפערין , זאלין צוא זאמען גיין
זאל זיא אויך גיניסין , פון מיין גליק איצונד
דען זיא איז דאך אויך , אברהמס אקינד

(דיא קעניגין אלס זיא האט איין גיהארכט זיין גיבעטע צו נאם)

תחנפס (דיא קעניגין)

ווער איז דיא אסנת ? איר האט אפרוי ?

יוסף

איך האב קיין פרוי , נאר אסנת וואר מיין פריינד דער בעסטער
זיא איז אטאכטער , פון מיין שוועסטער
פוטיפר האט איר ערצויגין ביז איצונד
אסנת רעכינט זיך , פער פוטיפר׳ס אקינד
גאר ווען זליכה , ליגט אף איר טויטע בעט
האט זיא אסנת׳ן , ענדעקט דעם סעקרעט
דאס זיא איז יעקבס אאייניקיל , פון כנען גיבארין
אונ זיא איז אלס פינדליג , ערצויגין גיווארין
אין פוטיפרס הויז , ווען איך בין אן גיקומען
האט אונז גאטעס האנד , ביידען צו זאמען גענומען
איך רוף איר פריינדין , אונ ווייס ניט וויא אזוי
אונ זיא בעפייכטעט מיין הארץ , וויא פון הימיל דר טוי
אה נאט ! די פער וועלקטע בלום , זאלטטו ערפרישין
זאל זיא מיט מיר גלייך , דיין הילפע גיניסין

תחפנם (דיא קעניגין)

ברייגגט אהער אסנת אונ פוטיפרין אין מיין קאראם





(צוא דיא דינער)

געט יוסף ! איך ערפיל אייער גיבעטע צוא נאם

(דיא דינער לויפין ארוים)

פרעה (צוא דיא דינער)

פירט דעם יונגין הערין , אריין דא אין חדר
ציט אים אן וייצע קעניגסע קליידער

(דיא דינער פירין יוסף׳ן מיט עהרע ארוים)

(דיא קעניגין)

אין אכנת , מיט יוסף׳ן , אין דיא צוויא אברהמס קינדער
זעט מען איינס פון דיא גרויסע גאטעס וואונדער

פרעה

וויא זייערע הערצער , איז גיבונדין גיוועזן
גיט וויסינדיג אליין , פאר וואס פאר וועזן

(דיא קעניגין)

דא אין זאל , וועל איך דיא פארטייא שליסין
זאלין אברהמ׳ס צוויא איינקלאך , נחת גיניסין

(דיא מוזיק קומען אריין , פאנגין אן צוא
שפילין , אין צעהען מינוט ארום קומט
אריין פוטיפר , פירט אסנת׳ן פארין האנד) .

פרעה צוא פוטיפר

דוא האסט אסנת׳ן אלס קינד ערצויגין
טוה זע איצט נחת , מיט דיינע אויגין

(פוטיפר קניט זיך פארין קעניג , דיא דינער פירין יוסף׳ן
אריין , גיקליידעט זייער רייך , פוטיפר ווערט ערשטוינט)

רחפנס דיא קעניגין, צוא אסנת

אסנת! פער לאנגסט צוא סיראטין, פער דיזען הערין!
ער איז צווייטע קעניג, מוז איך דיר ערקלערין!

(אסנת פאלט דיא קעניגין צוא דיא פיס)

אסנת

קעניגליבע מייסטעטין! זאלין דיא קערפערין זיין גיקניפט
וואס דיינע זעלין, זיינען שוין פון לאנג גיליבט!!!

(דער קעניג זעלבסט גייט פון זיין שטול אראפ,
געמט אסנת'ן פאר איין האנד, יוסף'ן פער
דיא צווייטע, בינדעט זייא צוא זאמען)

פרעה

גאט זאל דעם בונד, אויף עוויג בינדין
זעליקייט, אונ גנאדע, זאלט איר ביי אים פינדין

תחפנס (דיא קעניגין)

אייער לעבין זאל זיין זיס, אונ בערוהט
ליבט זיך עוויג, וויא דיא יעצטיגע מינוט

אסנת

אך גאט!! אין דעם אויגין בליק
זע איך מיין טרוים, פון צוועלף יאר צוריק
דער ליב האט מיר, אף זיך אויף גיהויבין
אונ אביין מיט מיר, אין שטיינ פון דילייבען!

פרעה צוא פוטיפרין

קיין שעכט מייסטער, ביזטו מער שוין



נאר אאויבער פריסטער, ביי דיא קורבע אן!

צוא יוספן

פ"יל אלע גיהיימניסע, איז פאר אייך אפין
דרום זאל מען אייך "צפנת פענח" רופין

(דיא זינגער)

1.

פרייע דיך מצרים לאנד
יוסף פירט דיך פארין האנד
אברהמ'ס קינדער, ווערין איינינ
דער פערבינדער זינד דער קעניג

(דער קאהר מיט דיא מוזיק)

זינגט אונ לויבט, דעם גרויסין גאט
וואס זיינע וואונדער, בעוויזין האט

2.

(דיא זינגער)

דיא חרטומים, מוזין גרייזין
נאר יוסף מוז דיא וואהרהייט ווייזין
דאן נאר יוסף, דער גרויס מיניסטער
אונ פוטיפר דער אויבער פריסטער

(דער קאהר מיט דיא מוזיק)

זינגט אונ לויבט, דעם גרויסין גאט
וואס זיינע וואונדער, בעוויזין האט

3.

(דיא זינגער)

קוק אברהם , דוא היילינע זעלע !
בענש דיא קינדער , פון דיין קוועלע
ניב זייא נחת פאר דעם צער
לעבט אין פרידין , יונגע פאר

(אלע)

ליבט אין פרידין , יונגע פאר , אורא !!!

## ענדע צעהענטע סצענע
## אונד אויך
## פירטער אקט

---

# פינפטער אקט
## עלפטע סצענע

(אין ניין יאר ארום)

יוספ'ס פריאם זאל

(יוסף , אסנת , מנשה . אלט אכט יאר , אפרים , אלט זעקס יאר)



אסנת

וויא איז דאס פארט צוא גינאנגען ?

יוסף

איך האב דאך דיר , שוין לאנג ערקלערט
אז צייט דער הונגער , איז גישטערקט
אונ אין כנען , איז נאך צעהען מאל מער
האב איך גלייך גיוואוסט , זייא מוזין קומען אהער
דרום האב איך גילאזט אוים רופין
אז ווער עס וויל אין מצרים תבואה קויפין
מוז קומען אליין , ניט שיקין קיין קנעכט
אויף צווייא איזלען איינער , האט אויך קיין רעכט
אונ מיט תבואה טאר קיינער , קיין האנדיל טרייבין
אונ איטליכער מוז ביין טויער , זיין נאמען פאר שרייבין
מיט אמאל , אייער נעכטין ביי נאכט
האט מען מיר , דעם רייסטער גיבראכט
דיא נעמען פון מיינע ברידער , האב איך דארט בעטראכט
גלייך פאר-זאג איך , אלע שפייכערין זאל ווערין פאר מאכט
אויסער איינעם , זאל מען לאזין אפין
דרייא טעג אבער , איז שוין פאר לאפין
אונ זיינען צום שפייכער , נאך ניט גיקומען
דער רייסטער ווייזט פארט , זייערע נעמען
דרום שיק איך היינט , אין דער פאליצייא
מיא זאל לויפין אין דיא גאסין , אויף זוכין זייא

### אסנת

נוא וויא דיינקסטו יוסף מיין לעבן !
ווילסט זיך צוא זייא, צוא ערקענען געבן ?

### יוסף

ניין, פריער וויל איך דער זיין, מיט גידולד
ווער עס האט אין מיין פערקויפין אשולד
ציא מיין פאטער זעלבסט, ווייל איך האב זיין עהרע בעריהרט
דורך מיינע טרוימען, וואס איך האב אויף אים רעגירט
כבן שיקט ער מיך צוא זייא, איך זאל ווערין שטראפירט
דען זיין האנד האט נאך גימאלס, קיין מענשין איבער גיפירט
אדער דיא ברידער אליין, וואס פלעגין שטענדיג אף מיר לויערין
האבין מיר זעלבסט פערקויפט, אונ דער פאטער מוז טרויערין
יעצט אז זייא קומען זעלבסט, צוא מיר אין האנד
וועל איך עס זעהען צוא דער זיין מיט פאר שטאנד
אונ וועל מיט זייא אן ציהען, זייטיגע אינטערעסין
כדי איך זאל קענען דעם אמת אויס פרעסין
דאן וועל איך שוין זעהען צוא דער גיין
ציא זיי האבין מיר פער קויפט, צו דער פאטער אליין
אונ דרום האב איך ביז יעצט, צום פאטער ניט גישריבין
דען איך בין פון אים זעלבסט, מיט האס פערטריבין

### צוא מנשה׳ן

קום אהער מנשה ! מיין יונגעס קינד
דיא שטעלע פון אדוואקאט, וועסטו בעטרעטין איצונד
איך וועל מיך מאכין, דאס איך פערשטייא קיין העברייעש





וועסטו מיר אין עגיפטעס, איבער זעצין זייערע דעות

(עס הערט זיך טריט פון מענטשין מיט גיוועהר)

### יוסף צוא אסנת

אסנת לעבן ! דיין צארטעס גיפיהל, פער טראגט קיין שמארץ
נייא דיר אריין אין זאל, איך מוז מיר מאכין הארץ

(אסנת בלייבט דאך שטיין, עס קומען אריין דיא
צעהן זין פון יעקב פער וואכט ארום, די פאליציאנטין
מיט צווייא בעאמטע בלייבין שטיין פון דער זייט,
דיא ברידער גייען זיך אלע צוא דער ערד)

### יוסף צוא אסנת

(אין דער שטיל)

דעם טרוים פון דיא גארבין, זעה איך דא פאר גישטעלט

### אסנת

אבער דער עלפטער – בנימין פעלט –

### יוסף (הויך)

נאך וואס קומט איר ? פון וואנען זייט איר גיבארין ?

(מנשה זעצט איבער אין העברייעש)

### דיא ברידער

מיר קומען פון כנען, אהער קויפין קארין

### יוסף

אז איר קומט אין מצרים קארין קויפין

וואס לוינט אייך אין דיא הינטער גאסין צוא לויפין ?
שוין דריטין טאג , אז איר זייט דא
איך פרעג אין מאגאזין , זייט איר ניטא
אונ יעצט קומט איר אויך ניט , אליין אהער
איך מוז נאך אייך שיקין , חיל מיט געווער
אן אייער גיזיכט איז לייכט צוא דער קענגען
אז איר ברויכט קיין קארין, איר זייט נאר שפיאנען
אבער אייער ראמה , גילט אייך ניט
איר האט אייך נעבאך אומזאנסט בעמיהט

### יהודה

הערר וויצע קעניג ! איר אירט אייך אין זעהען
אייניקלאך פון אברהם העברי, זיינען נימאלס קיין שפיאנען גיוועזן
מיר זיינען אלע , פון איין פאטער גיבארין
וואלטין מיר זיין שפיאנען, מוז וויא לאזט ער אונז פארין
אויף דעם איין קינד וואס פעלט אים , קלאגט ער אן רחמנות
וועט ער נאך שטעלין . צעהען קינדער אין סכנות !

### יוסף צוא עברון

וויז פון דיא טויערין דיא צעטלאך
לייען דא איבער דיא בלעטלאך
(עברון האלט אבלאט אגרויסע פון
אבוים וועלכע עס נעמט זיך פאפירוס, דאס
גילט אין יענע צייטין צום שרייבין) .

עברון (לייענט)
ראובן דורך דעם טויער
שמעון דורך דעם צווייטין



לוי דורך דעם דריטין
יהודה דורך דעם פערטין

### יוסף

גינוג ! ווען אין מצרים דיא טויערין
וואלט זיין צוואנציג טויערין
נוא , פרעג איך אייך אן
וויא וואלט איר דאמאלס גיטאן ?
צעהען ברידער גייען קויפין קארין
פלוצלונג זיינען זיי צו שפרייט גיווארין
אלע דורך פער שיידענע טויערין
אונ דרייא טעג מוט נאך דויערין
ביז איך מוז זייא שיקען זוכען
איז דאס דען ניט אף שפיאנעריי א צייכען !!

### יהודה

הער וויצע קעניג ! מיר האבין קיין מלוכה צוא פירין
וואס לוינט אונז צוא קומען , מצרים צוא שפיאנירין ?
מיר זיינען צוועלף ברידער , איינער איז צוא הויז גיבליבין
איינער איז ניטא — וואס דער פאטער פלעגט אים ליבין
מיר האבין גיוויידעט די שאף, שוין היינט צוויי אונ צוואנציג יאר
דער פאטער שיקט אים , אונז ווערין גיוואר
איז ער אויף דעם וועג , פער פאלין גיווארין
גאר אראביער זיינען דארטין פער בייא גיפארין
פירין גיזוירץ , קיין מצרים צוא קומען
קלערין מיר, פיליכט האבין זיי אים פערנומען
דרום זיינען מיר אריין אין בעזונדערע טויערין

מיר זאלין דארטין , אונזער ברודער לויערין
מיר האבין אים אויך אין דיא גאסין גיזוכט
פיליכט גיפינגען מיר אים , האט זיך אונז גדוכט

יוסף (צוא דיא הערין)

איך פרעג אייך מיינע הערין ! גענעראלין !
וויא ווערט עס פארט אברודער פערפאלין ?

(צוא דיא ברידער)

וואס איז גראד מצרים , צו אלע פורענויות טוכן
וואס גראד אהער , קומט איר אים זוכין ?

(צוא דיא וואך)

פירט זייא דא אריין אין צווייטין צימער
(דיא פאליציאנטין פירין דיא ברידער ארויס , יוסף
ווינקט צו דיא אדיוטאנטין זייא זאלין אויך ארויס גיין)

אסנת

מיך וואונדערט זייער , אויף דיר מיט דיין שטרייט
דער נעסט דיינע ברידער קומען פון וייט
אונ האסט זייא ניט גיזעהען זא אלאנגע צייט
פלוצלונג האסטו דיין רחמנות פאר שפארט
מאכסט זייא בלבולים , רעדסט אזוי הארט ?
איך האב זיך ניט גיקענט , פון טרערין איין האלטין
ווען זייא האבין דער מאנט , דיין טאטין דעם אלטין
אה יוסף ! דיין כאראקטער וויא זיס וויא גוט
אבער וויא פירכטערליך , בייא דיין שטריינגען מוט
אה



אה ! דיין הערשאפט , וויא גוט דוא קענסט
דוא זיין וויא אפלאם , דו ווארעמסט אונ ברענסט —
איך ווייס ניט , וויא קען מען זא פיל , טרערין צווינגען
דאס הארץ איז מיר שיר ארויס גישפרונגען
אה וואס פאר אהעלדין וואס פאר אפארשוינען
אה ! ווען זייא וואלטין אין מצרים וואוגען
וויא גליקליך וואלט איך גיוועזן
מיין מוטער מיט דיא אויגין צו זעהען

(אסנת אונ יוסף וויינען ביטערליך)

יוסף

זייא רוהיג אסנת ! ווייש אפ דיינע טרערין
מען מוז דיא זאך , אף ריכטיג ערקלערין
איך לאז זייא נאך פירין , אין תפיסה מיט דיא וואך
כדי צוא מאכין זייא שטריינגער דיא זאך
דאך וועל איך נאר פער האלטין , שמעון'ן אליין
אלעסען וועל איך שיקין אהיים גיין
איך וועל נאך הייסין בנימין'ן , טראנספאטירין
פון אים וועל איך דיא ריינע וואהרהייט אויס פירין
דען ביים פערקויפין , וואר ער ניט דער בייא
וועט ער זיך ניט פירכטין, צו זאגין דעם אמת פריי
עס וועל איך ענדעקין , דאס איך בין יוסף אליין
ער וועט מיר זאגין , צי דער פאטער וייס , ציא זיין
דען פון דיא ברידער , איז קיין סברה ניט צוא ענדעקין
ווער וויל עס זיין אייגענעם נאמען פערפלעקין ?
דאן וועל איך הייסין ברייגען מיין ברודער בנימין
אוי

אוי מיין הארץ ציא נייט מיר , ווען איך דער מאן זיין נאסטען
מיין ברודער פון איין מוטער , מיין לייב מיין אבר
גייענדיק קיין מצרים , בעזווך איך נאך דיא מאמעס קבר
דיא ווערטער וואס איך האב פון איר קבר גיהערט
ווען איך בין גילעגין , אין אונמאכט אף דער ערד
קומען מיר יעצט פער דיא אויגין פאר
אונ איר הבטחה , זע איך איצט קלאר
כי פירט — זאגט זיא — דיא קאלב אליין
ווערט שוין דיא מוטער , סמילא נאך גיין
אה היליגער פאטער ! דיין שיין , דיין ליכט !
וויא דער לעב איך , צוא זעהען דיין גיזיכט
פער אהנע צייט , איז קיין צייט
[illegible]ער , מוז פירין מיט גידולדיקייט
[illegible] גידולד , מוז דער חכם אויך גרייזן
גאר דיא גידולד , מוז דיא וואהרהייט ווייזן

אסנת

וועסט געמען בייא זיא , פער דיא תבואה גיצאלט ?

יוסף

חלילה , איידער זיא פארין אוועק
מיס איך די געלט , לייגין אין זייערע זעק

צוא מנשהן

רופ זיא אריין ,

(דיא ברידער קומען אריין

צוא



(צוא דיא ברידער)

איך האב מיך בעראטהען , מיט מיינע מיניסטארין
דאס איינער זאל פון אייך , צוא הויז פארין
אונ אייער אינגסטין ברודער , בריינגט אהער
צוא פראבירין , וואס מיט אייך איז דער מער
דער וויל עברים מוזט איר זיין פערוואכט
ביז אייער ברודער , וועט ווערין גיבראכט
אויב בייא שטיין בייא דיא פראבע , וועט ער ניט קענען
שווער איך ביים קעניג , דאס איר זייט שפיאנען

(דיא פאליציאנטין פירין זיא פון שטוב ארויס ,
אסנת ברעכט דיא הענד , יוסף פערשטעלט דאט
גיזיכט אונ וויינט , דער פארהאנג פאלט)

## ענדע עלפטע סצענע
## אונד אויך
## פינפטער אקט

---

# זעקסטער אקט
## צוועלפטע סצענע

אין פיר מאנאטין ארום

דער פריאם זאל

(עס עפינט זיך דיא טיר , עס קומען אריין

אלע

אלע ברידער פון יוסף, בנימין אויך אונטער זיי,
קוקן זיך ארום אז קיינער איז ניטא,

### יהודה

עס איז ניט אומזאנסט
וואס ער לאזט אונז, צוא זיך אהיים פירין
מיר האבין שוין גיטאן, וואס ער האט גילוסט
בנימינן אויך גיבראכט צוא טראנספאטירין
איידער דער פאטער, האט מיר אים גיטרויט
איז אונז אן ניקומען שווער, גלייך מיטין טויט
דעם תיסין קומען אין הויז, איז אגרויסע ראיה
אז ער זוכט שוין אף אונז, בלבולים נייע
גיוויס פער דיא געלט, וועלכע מיר גיפינען אין דיא פעק
וואס ער הייסט עס מיט פליים, צוריק לייגין אין דיא זעק
הכלל ברידער! מיר האלטין שלעכט!
מיר בלייבין אין מצרים, אף אייביג קנעכט

### ראובן

אז יוסף איז דורך אונז, אין מצרים אקנעכט
איז דאס אפנים, ביא אייך רעכט?
אונ וויא עס קומט צוא אונז, איז שוין ניט נוט
יוסף איז פון אייזין, מיר פון פלייש אונ בלוט
ליבערסט וואלט איר דאמאלס, פיהלן זיינע שמערצין
וויא אים איז געבאך גיוועזן אפין הערצין
זיין ברידער! איר זאלט נאר ניט דאגין
יוסף׳ס בלוט, וועט גיוויס ניט שווייגין





### יששכר

זע ברודער, וויא דוא רעדסט וויא אקינד
צי פער אונזערע קעפער, זארגין מיר איצונד?
מיר האבין דאך צו הויז, אפאטער מיט אגיזינד
זייא נעבאך בלייבען, וויא מעקענע אויפין ווינד
ווען מי זאל אונז איצט, קיין תבואה ניט געבין
אין אחודש ארום, פון וואנען וועלין מיר לעבין?
שלעכט ברידער...... שא... מי גייט....

(סלוא קומט אריין)

### סלוא

וואס גייט איר ניט אין זאל, וואס שטייט איר פון פארינט?
וואס זייט איר אזוי, פער קימערט, פער צארינט?

### יהודה

איך בעט אייך ליבער הער!
וואס איז מיט אונז דער מער?
דעם ערשטין מאל וויא מיר האבין דיא קארין גינומען
אונ מיר זיינען אונטער וועגינס, אין אקרעטשעם גיקומען,
מיר חאפין זיך צוא אונזערע זעק
דיא געלט מיטין וואג, ליגט אין דיא פעק
יעצט ברייגגען מיר, דיא געלטין ביידע
פאר יענע, אונ פאר פרישע גיטריידע
מיר ווייסין זיכער ניט, וואס קען דאס זיין
ווער לייגט אונז דיא געלט, אין דיא פעק אריין?

### סלוא

פירכטעט ניט פריינד! פון גאט איז עס גיוועזן

עס וועט אייך חלילה, קיין בייז געשעהען
נאט ניט זיינע קנעכט, וועלכע אים דינגען
זייא זאלין געלט, ביי זיך אין דיא פעק גיפינגען
אייער ברודער איז שוין אויך לויז
גלייך קומט ער, אהער אין הויז
איר זייט היינט גילאדין, ביי מיין העררין צום טיש
זארגט ניט, לוסטיג זייט, מונטער אונ פריש
אט האט איר וואסער, וואשט ארום דיא פיס
אייערע אייזלן שטייען אונטען? אוי ארחמנות אף זיי
איך היים זייא שוין דער לאנגען הייא

(סלוא גייט ארויס) —

### יהודה

וואס זאגט איר אפין אדיוטאנט? וויא פריינדליך, וויא פיין
הלואי דער וויצע קעניג, זאל ניט ערגער זיין

### יששכר

זאל שוין גאט געבין, פאר אונזער צער
מיר זאלין שוין האבין נחת דער פאר

(שמעון קומט אריין)

(אלע)

גאט העלף דיר! וואס מאכסטו ברודער?
גילויבט איז גאט, אז מיא זעט זיך ווידער

### שמעון

אז אלע תפוסים, וואלט גיוועין וויא מיר



וואלטין זייא מיט פליים גענבגען, צוא זיצין אין מיין קווארטיר

### זבולון (צוא דיא ברידער)

זיין גיזונט ברידער! זעט
קיין בייז אויג, וויא דיק וויא פעט

### שמעון

איר קלערט בודאי, אויף דאס גיוויסע
אז איך האב תעניתים, גיפאסט אין תפיסה?
וואלט איר נאר זעהען, וואס פאר אקעסט
מיא האט מיר גיטראגין, עסין פון דאס בעסט
וואלט איר זיך פאר זאמט נאך אפאר וואכין
וואלט איך שוין פון מיר ניט ארוים גיקראכין

## ענדע צוועלפטע סצענע

---

# דרייצענטע סצענע

(דער גאסט זאל פון יוסף)

(דריא טישין גיגרייט צום עסין, אייניגע אדיוטאנטין גייען ארום איבערין זאל, ביידין צוא נויסין זיך, אייניגע חרטומים זיצין אף שטולין, יוסף גייט אריין, זיין קנעכט נאך אים)

### יוסף צוא עברון

ריף ארין דיא עברים!

(עבדון ניים ארויס , דיא ברידער קומען אריין ,
נייגן זיך צוא דער ערד . יהודה טראגט אין
האנד אקארב מיט אלערלייא פרוכט פון
כנען , אין דיא צווייטע האנד אבריף)

יוסף

וואס מאכט איר עברים ? אייער פאטער וואס מאכט ?
האט איר אייער איינגערין ברודער גיבראכט ?
(בנימין גייט צוא , נייגט זיך צוא יוסף'ן) .

יוסף

אט דאס איז אייער ברודער לעבין ?

צוא בנימין

גאט זאל דיר גנאדע געבין !

(יהודה דער לאנגט יוסף'ן דיא קארב מיט דעם בריף)

יהודה

אונזער אלטער פאטער שיקט עס דעם הער וויצע קעניג אליין
נעמט עס אן מיט חן , וויא אויך זיא איז קליין

(יוסף נעמט עס צוא מיט דעם בריף , דיא קארב
גיט ער דעם קנעכט , ער עפינט דעם בריף אונ
לייענט יפה מיר יעקב בן יצחק בן אברהם
העברי . . . . . יוסף ערקענט דעם פאטערס
האנד , ער קען זיך גיט איין האלטין פון גיוויין)

יוסף

גאנץ רעכט , דייער שיין !



יוסף

גליך קום איך אריין !

(ער גייט אוועק אין זיין נאבינעט , דיא
דינער ענדיגין גרייטין צום טיש , אין
איינינע מינוטין ארום קומט יוסף אריין)

יוסף

נוא , ווארום זעצט איר אייך ניכט ביין טיש ?

(דיא אלע אדיוטאנטין אונ דיא חרטומים זעצין
זיך אף אבעזונדער טיש , אויף איין טיש
זעצט זיך , אסנת , יוסף , מנשה , אפרים)

יוסף

ווארום זעצט איר אייך גיט ? עברים !

(יוסף גייט צו , אונ זעצט דיא ברידער אויף דעם
דריטין טיש , יעדערין נאך זיין עלטער , דיא ברידער
וואונדערין זיך זייער , יוסף זעצט זיך נעבין אסנת ,
זייא עסין , נאך דעם עסין ווערט דער לאנגט ויין ,
מיא גיסט אן אין בעכער , דער דינער דער לאנגט
דיא עברים אטאץ מיט עלף בעכער ויין)

יוסף

טרינקט , עברים !

יששכר

שוין צוויא אונ צוואנציג יאר , ווען די גישיכטע דין
אז מיר היטין זיך , צוא טרינקען ויין
גיוויס

יוסף

געוויס צוא ליב אייער פאר לארענעם ברודער
זארגט ניט, גאט וועט אייך אים ווייזן ווידער

ראובן

גאט וויים, ווען דאס וועט אמאל זיין
דער וויל, גייט נעבאך דער פאטער איין

יוסף

ווען גאט וויל, איז היינט אדער מארגין
טרינקט עברים! גינוג שוין זארגין
(זייא טרינקען אלע, עס ווערט דער לאנגע
נאך עלף בעכער ווייו, אלע טרינקען פאר
גיזונד, יוסף האלט דעם בעכער אין האנד)

יוסף

נוא, פאר גיזונד אייער אלטין פאטער!
(דיא ברידער מיט דיא בעכער אין האנד)

(דיא ברידער

פאר גיזונד דעם קעניג פון מצרים
פאר גיזונד דעם העדר ווייצע קעניג
פאר גיזונד דיא קעניגליכע מאדאם
פאר גיזונד זייערע קעניגליכע קינדער

(אסנת מיטין בעכער אין האנד)

אסנת

איר האט צוא הויז, שוועסטער אויך?





(דיא ברידער

איינע נאר

אסנת

נוא, פאר גיזונד אייער שוועסטער!

(אלע טרינקען)

יוסף (צוא דיא חרטומים און אדיוטאנטין)

פון אברם דעם עברי, האט איר דאך גיהערט פון ווייט
זיינע אייניקלאך, זיינען דיזע לייט!

בקבקר (אחרטום)

אה מי דער מאנט אים אומעטום ענציקלאפעדיע
שוין לאנג, ליבסטע פריינד! אז אברם איז טויט?

(דיא ברידער

שוין הונדערט מיט פופצין יאר

(דער חרטום)

איך וואלט עס וועלין, פער שטיין אויף קלאר
זיין סיסטעם מיטין גלויבין, צוא ווערין גיוואר

יששכר

יעדער זאך אף דער וועלט אז מיר קוקין אי
שטימט עס צוא זאמען אגאנצע הארמאני
ווען פון דיא אלע, וואלט איינע גיפעלט
וואלט אין מינוט, ניט איין שטיין דיא וועלט
דיא זון שטימט, מיט וואסער, ווינד, און ערד

אונ אזוי יעדער זאך , פונקט פערקערט
דאס אליין איז גינוג אבעווייז אסימן
וויא באלד דיא אלע , מוזין צו זאמען שטימען
אז איין גאט , דיא וועלט פירט, אונ רעגירט
ווען ניט וואלט דאס אלעם , צו זאמען ניט גיהאמאניגירט —
ער גיט דעם קראפט , אין יעדער זאך בעזונדער
זייא זאלין ערפילין נאטעס וואונדער
אונ וויא ער האט זייא פון אנפאנג גישטעלט
היטין זייא דעם גאנג , נאך איינס ניט נעפעלט
דיא זון הייסט ער לייכטין , זיא לייכט
דעם רעגין, פייכטין ! ער פייכט
דעם בוים הייסט ער בליען , ער בליט
דיא פויגיל הייסט ער פליען , זיא פליט
דעם ווינד הייסט ער וויען , ער וויט
דעם טייך הייסט ער גיין , ער גייט
דרום שרייט מין זיידע אף דיא פער שטאפטע מוחות
וואס פערנעמערין דיא שלוחים , דינען צוא דיא כוחות
דעם קראפט,די נאטירליכקייט,וואס יעדער זאך האט
דער צוא דינען זייא , דאס רופין זייא «גאט»
אונ פאר שטייען ניט , אז דאס זיינען נאר קנעכט
אן גאט קענען זייא ניט טאן , ניט גוט, ניט שלעכט
אונ די מענשין פער קוקין זיך, אף די בעשעפע וויא שיין
אונ פער געסין דער וויל , אן בעשעפער אליין
מי זעט ניט אין הימיל , אזוי פיל שטערין ביא נאכט
וויא פיל נעטער , זייא האבין שוין אויס גיטראכט
אונ האבין קיין גידאנק , צוא פערשטיין מיט אזין



אז אלע רעדלאך , דרייט איין מאשין
פון איין קראפט , מוזין אלע רעדלאך גיין
אונ דיא איין סבה , דאס איז גאט אליין
ער פער לאנגט קיין מענשין, פאר קרבנות
נאר איינער אפין צווייטין , זאל האבין רחמנות
אט דאס האט אברהם , מיט זיין שכל גיזעהען
דער נאך איז אים זיין גאט צוא הילף גיוועזן
אלע גיהיימניסע , האט ער אים ענטדעקט
אלע פערבארגענהייט, האט ער אים אנטפלעקט
אונ מיר זיינען פון אים , דער פערטער דור
וואס מיר לערנען זיין גלויבין קלאר

יוסף (צוא דיא חרטומים)

וואס זאגט איר אייער מיינונג אויף דעם איבעראל ?

(דיא חרטומים)

דער גלויבין איז גישעפט , פון אפילאזאפישען קוואל

יששכר

איין ספר איז פון מין זיידין גיבליבין
וועלכער איז מיט גרויס פערשטאנד גישריבין
פון אלע גיהיימנישע , פון דעם גלויבין
פון דיא גאנצע בעשעפע, פון אונטין ביז אויבין
איבערהויפט גיפינט מען דארט צוא לעזין
דאס גאט איז ניט קיין קערפערליכער וועזין
ער האט ניט קיין גוף , וואס אים דער האלט
קיין אדערין קיין גלידער . אויך קיין גישטאלט

קיין ברייט, קיין הויך, קיין מאס, קיין ארט
אונ איז פול אומעטום, דא אונ דארט
עס איז ניטא קיין ארט, אין דעם גאנצין רוים
אין ווינד, אין פייער, אין ערד אין בוים
וואס דארט טוט זיך נאט ניט געפינען
אבער עס זעהען קיין אויגין, נאר דער זינען
דיא זעלבע לעהרע, האט דער זיידע פארין לעבין
זיין זון, אונזער זיידין, איבער גיגעבין

יוסף

יא, יא, גיוויס איז די ווערטער זייער ריכטיג
זייער ערהאבין, אמת! ריכטיג!

(יוסף אונ אלע שטייען אויף פון טיש,
אלע גייען ארויס אין דעם צווייטין
זאל, נאר יוסף אונ אסנת בלייבין)

אסנת

נייז נאר דעם בריף פון מיין זיידין

יוסף

(אלס ער דער לאנגט דעם בריף)

אה! זיין ביטער הארץ, טוט ער זיך דארט אוים ריידין

אסנת (לייענט)

„צום אלער דורכלויכטיגסטין פירשט אונד הערשער
אויף דאס לאנד מצרים „צפנת פענח"
נאט! בענליק אים אין אלע זיינע וועגין, אמן



ווייא ערשטוינט בין איך גיווארין, צוא הערין פון מיינע קינדער
דאס דער הער בעשולדיגט זייא, מיט דעם נאמען זינדער
עס וואונדערט מיר זייער, איך האב גיהערט
אז דער הער וויצע קעניג, איז פיל אויף גיקלערט
זאל דער הער, אן זייא ניט דער קאנען
אז זייא זיינען ניט קיין שפיאנען?
אונ דאן לאזט איר איינעם אין תפיסה פירין
אונ הייסט מיין איינגסטין זון, צוא אייך טראנספאטירין
וועלכע זיין מוטער, האט מיר נאר צווייא גיבארין
איינער פון זייא ביידין, איז פער לארין גיווארין
וואס איך וועל אייביג, אויף אים טרויערין
ביז צוא מיין קבר, וועלין דיא טרערין דויערין
נאר זיין ברודער, איז מיר פערבליבין
מיט אים האב איך נאך, מיין צער פערטריבין
ביטער, שווער, איז צוא שיידין זיך מיטין לעבין
נאך שווערער איז מיר, דעם קינד אוועק צוא געבין
איך בעט דעם הער וויצע קעניג, מיט רחמנות זיך צו בעגיין
חלילה אז ניט, בין איך גיגייט צוא קומען אליין
אונ וועל מיינע הייסע טרערין, גיסין פאר זיין שטול
דען דאס הארץ איז מיר, מיט שמערצין פול
אונ אויב עס וועט ניט העלפין, מיינע טרערין, מיין ביידין
האב איך נאך אמיטיל, בירושה פון מיין זיידין
איך בעט צוא גאט! מיט טרערין, מיט ברומען
מוז מיר גליך, זיין הילף, פון הימיל קומען
הונדערט דרייסיג יאר, איז מיר יעצט גיווארין
צרות האב איך גיהאט, מער פון מיינע יארין

אונ אז איך רוף צו גאט, ווען איך בין גידריקט
האט ער מיר אייבית, זיין הילף גישיקט
נעמט ניכט איביל, פילייכט בעריהר איך אייער גרויסע עהרע
דען דאס רעדעט, מיין הארץ דיא שווערע
מיין קאפ איז פער דרייט, מיין הארץ פער ביטערט
מיין קערפער גיבויגין, מיינע אברים ציטערט
גאט! בעהיט דעם הערין, פון אזעלכע אונגליקען
אין אלע וועגין, זאל דער הער בעגליקין
אונ גאט זאל אים מיט זיין פאמיליע געבין
גיזונד אונ גליק, אונ לאנגעס לעבין
פון מיר יעקב בן יצחק בן אברהם העברי

(אסנת פאלט אין דיא ארעם פון יוסף)

## ענדע דרייצעהענטע סצענע

---

## פירצעהנטע סצענע

(יוספ׳ס לוסט גארטין)

(דער גארטין צוא טיילט זיך אויף

העלפט, אין מיטין שטיים אוואנד)

(יוסף, בנימין, עבדון)

### יוסף

דער ציילט מיר, וואס האט מיט אייער פאטער פאסירט
ווייסענד



ווייסענד, וואס איך האב מיט זיינע קינדער דיספוטירט?

### בנימין

מיין פאטער וואר עס טאקע אגרויס וואונדער
עס פארין דאך נאך גיטריידע, פון אלע לענדער
דאך בעריהרט ער קיינעם, אויסער זייא אליין
וואס זייער ארדענטליכקייט, קען יעדער פאר שטיין
הויפטזעכטליך, וואונדערט אים, דעם הערינס פער לאנגען
דאס זייא שאפין, מיר אהער צוא ברייננגען

### יוסף

באלד! באלד! וועט איר עס זעהן פארין שיין
מיין כוונה, וואס איך האב דערביין
מיינע פריערינע רייד, וויל איך איצט זיין מקיים

(ער בעדיינקט זיך)

איך זאלט וויסין, אז אייער ברודער איז אין מצרים
דער קעניג האט אים, פאר אדיגער גינומען
אונ ער בעט עס מיר צו שרייבין, איר זאלט אהער קומען

### בנימין

אחנ ינעדיגער פירשט! פילייכט קען עס גישעהען
דאס איך זאל מיך, מיט אים קענען זעהען
דרום איך זאל שטילין, דעם פאטערס טרויערין
דען דער פאטער הערט ניט אויף, אים צוא בעדויערין

### יוסף

גיין, אין מצרים איז שוין פון אייביג אזוי דער רעכט

אַז פַאר זיין פַאמִילְיֶע, װערְט נִיט גִיוִיזִין קֵיין קֶנֶעכְט
בֵּיידִין, קֶענְט איר מִיט אִים, נָאר דוּרְךְ אַװאַנְד
אוֹיב אִיר װִילְט, שְׁטֵייט דָא, אִיךְ פִיר אִים צוּ פַארִין הַאנְד

(יוֹסֵף גֵייט אַװעק פוּן יֶענֶער זַייט װַאנְד,
װעלְכֶע אוֹיף דֶער סְצֶענֶע זֶעט מֶען בֵּיידִין
בִּנְיָמִין פוּן אֵיין זַייט, יוֹסֵף פוּן דֶער צְװַייטֶע)

יוסף

װָאס מַאכְסְטוּ בִּנְיָמִין ? אוֹי גָאט דוּא גְרוֹיסֶער !
װָאס מַאכְט דֶער פָאטֶער, דֶער טְרַייעֶר דֶער הַייסֶער ?
װָאס מַאכְט אוּנְזֶער זֵיידֶע ? אִיז עֶר נָאר גִיזוּנְד ?
אִיז עֶר נָאךְ בִּיז יֶעצְט, עַד הַיּוֹם בְּלִינְד ?

בנימין (מִיט גִיוַויין)

װָאס זָע מַאכְסְטוּ ? יוֹסֵף מַיין בְּרוּדֶער !
דֶער צִייל מִיר, דֶעם גַאנְצִין גִישִׁילְדֶער
װִיא אַזוֹי בִּיזְטוּ קֵיין מִצְרַיִם גִיקוּמֶען !
מִיט װָאסֶער אוּרְזַאךְ, בִּיזְטוּ אַהֶער פַאר שְׁװאוּמֶן ?
אָה ! אוּנְזֶער פָאטֶערְס גִישְׁרַיי, בְּרֶעכְט דָאךְ מוֹיעֶרִין !
עֶר הֶערְט נִיט אוֹיף, אַף דִיר צוּא טְרוֹיעֶרִין
אָה גָאט ! ! נַאחַאיי װָאלְט גִיװֶען אִין װַאנְד אַשְׁפַּאלְט !
אִיךְ זָאל הַאין קֶענֶען זֶעהֶען, דַיין לִיכְטִיגֶע גִישְׁטַאלְט !
אָה ! צוּא רֵיידִין מִיט דִיר, הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיךְ נִיט גִירִיכְט
פִילַייכְט אִיז אוֹיךְ מֶעגְלִיךְ, צוּא זֶעהֶען דַיין גִיזִיכְט ?

(בִּנְיָמִין לִיפְט אַרוּם װַאנְד, צוּא גִיפִינֶען דָארְט אַשְׁפַּאלְט)

יוסף

בֶּעט נָאר דֶעם פִירְשְׁט, עֶר קֶען אַלְס בֶּעװַייזִין





עֶר קֶען אוּנְז בֵּיידִין, פֶערְזֶענְלִיךְ װַייזִין

בנימין

אָה גָאט ! ! שִׁיק אַרוֹיס אַשְׁטוּרֶעם, פוּן דַיין מֶעכְטִיגֶע הַאנְד
אָה ! עֶס זָאל אַיין בְּרֶעכִין דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע װַאנְד ! !

(יוֹסֵף גֵייט צוּרִיק אַרוֹיס, גִינֶעהֶנְט צִיא
בִּנְיָמִין, בִּנְיָמִין פַאלְט יוֹסֵפְן צוּ דִיא פִּיס)

בנימין

גְנֶעדִיגֶער פִירְשְׁט ! ! אִיךְ פַאל פַאר אַייךְ אַנִידֶער
עֶרְבַּארֶעמְט אַייךְ ! אַף אוּנְז צְװַייא בְּרִידֶער !
לָאזְט זִיךְ אוּנְז זֶעהֶען דִיא גִישְׁטַאלְטִין
דֶען מַיינֶע קְרֶעפְטִין, װעלִין עֶס נִיט דֶער הַאלְטִין

יוסף

אִיךְ װעל עֶס אַייךְ טָאן

בנימין

אָה ! אִיךְ דַאנְק אַייךְ מַיין הֶער !

יוסף (צוּא עֶבְדוֹן)

גֵייא בְּרֵיינְג זַיין בְּרוּדֶער אַהֶער !

(יוֹסֵף גֵייט מִיט עֶבְדוֹן בִּיז הִינְטֶערִין װַאנְד,
קֶערִין זִיךְ אוּם צוּרִיק, עֶבְדוֹן פִירְט יוֹסֵפְן)

עבדון

אָט אִיז אַייעֶר בְּרוּדֶער !

יוסף

איך בין דיין ברודער יוסף !!!

(יוסף פאלט ארוף אף זיין האלז , קושט אונ וויינט זייער פיל)

יוסף (צוא עבדון)

יעצט גייא צוא הויז !

צוא בנימין

וואס מאכסטו בנימין ? מיין ברודער מיין גוטער !
ברידער זיינען מיר ! ברידער פון איין מוטער !
זעץ זיך דא בנימין ! בייא דעם בוים דעם גרויסין
ער מאג אונזערע סודות , הערין , אונ וויסין

(זייא זעצין זיך ביידע אנידער)

נאר איידער מיר ריידין , זאג מיר פארהער
דוא ווייסט דאך , אז מיינע ברידער פערקויפין מיר אהער ?
זאלסטו מיר זאגין ריכטיג , דיא ווארהייט מיט גידולד
צי דער פאטער האט אויך , אין מיין מכירה אשולד ?

בנימין (ערשטוינט)

מיינע ברידער , האבין דיר פערקויפט פער אקנעכט ! ' ?
אה גאט !! דאס איז אזוי רעכט ! ! ?
מיין פאטער וויים דאך נאך ניט ביז איצונד
אז זייא פערקויפין , יוסף זיין קינד !

יוסף

זאג מיר מיט וואס זיינען זייא דאמאלס , צו מיין פאטער גיקומן ?
וואו האבין זייא דאמאלס , אתירוץ גינומען !

ווייא



בנימין

ווייא !! דיא העמדיל וואס דער פאטער גיט דיר איבער
צום בעוויז אז דוא שטייגסט מיינע ברידער אריבער
ברייננען זייא איר צו פליקט , אין בלוט איין גירייכט
זיינען אריין צום פאטער , מיט אפערוויינטע גיזיכט
אונ זאגין : „מיר האבין נאר גיפונען דיא העמדיל אליין
דער קען פאטער ! דאס איז יוסף'ס , צי ניין ??“
אונ דער פאטער שרייט : „דאס איז מיין קינד'ס , גיוואלד !!
חיות רעות האבין אים , צוריסין אין וואלד !“

יוסף (מיט טרערין)

אוי מיין פאטער האבין נעבאך גיזאגט , זיין הארץ זיינע גירין
שלעכטע מענשין זיינען נאך ערגער , פון בייזע תהירין . . . .

בנימין

ער שרייט : „וואו גיפינט איר עם ?? אוי ווינד !!
וואו ביזטו יוסף , יוסף מיין קינד ! ?“
דיא ברידער ענטפערין : „אז אין וואלד אן דער זייט
דער זעהען מיר ארויטע זאך , פון דער ווייט
מיר גייען צו נאהענט , מיר בעטראכטין דאס גוט
דיא העמדיל ליגט צו ריסין , ארום איז פול בלוט
מיר זוכין דארט ווייטער , אגליד צי אביין
אבער מיר גיפינען נאר אשלאד , פון בלוט אליין“
דעם פאטערס אויגין , וויא טייכין פליסין
ער האט אף זיך , דיא קליידער צוא ריסין
ער האט דעם הימיל , גישפאלטין מיט זיין גישרייא
עס האט הערצער צוא בראכין , זיין אוי ! זיין ווייא !

און

אונ לאזט זיך ניט טרייסטין , ביז דעם היינטיגין טאג
דיא הויז איז בק פול , מיט יאמער מיט קלאג
שוין צווייא אונ צוואנציג יאר , אז דאס איז גישעהען
אונ זיין שרייען , איז וויא עס וואלט איצטער גיוועזן
אה ! זייא האבין דיר פערקויפט ? ? אה זייער צארין ! !
אונ דוא ביזט באלד , א ווייצע קעניג גיווארין ?

### יוסף

אוי ניין ! גינוג שטראמען , זייגען אף מיר גישוואומען
איידער איך בין , צוא דער דרגא גיקומען
איך בין שוין אקנעכט , אויך גיוועזן אונטער דעכין
איך בין שוין צוועלף יאר , אין תפיסה גיזעסין
אבער וואו מיין שיקזאל , האט מיך פערנוייט
האט גאטעס אויג , מיך איבעראל באגלייט
איך האב שוין אף זיך גיהאט , אבייזע טהיר
וועלכע מיט ליבע , דער שלאגט זיא מיר
דער קעניגין אבער נאך איינע וואס פיהלט מיין שמארץ
אונ האט בעפייכטעט , מיין טרוקענע הארץ
וועלכע אין איר טרוים , שרייט זיא : «אוי ווינד !
וואס שטעלט מען דעם לייב , צווישין דיא הינד»
צום ענדע זייגען מיר גיוואר גיווארין
אז זיא זעלבסט , איז פון לייבין גיבארין
מיט אונז פון איין פאמיליע , פון איין מדינה
זיא איז אטאכטער , פון אונזער שוועסטער דינה
דער קעניג זעלבסט , מאכט דעם בונד
אונ זיא איז מיין פרויא , ביז איצונד





(אסנת קומט אריין אין גארטין אונ פירט
אפרים'ען פארין האנד , זיא זעצט זיך נעבין זייא)

### בנימין

אה יוסף ! ערפרייעסט מיין זעלע ! ערפרישט מיין גוף !
וויא בוימיל אויף וואסער , שווימט דיא ווארהייט ארוף !
אונ דאס איז אונזער שוועסטערס קינד ! ?
אה פאטער ! צהער ! האב נחת איצונד ! !

### יוסף

נאר זאג מיר בנימין , מיין טייערער ברודער
גידיינק ! איך פרעג שוין דעם צווייטין מאל ווידער
וואס מאכט אונזער זיידע ? האט ער אפשר זיין שיין ?

### בנימין (מיט טרערין)

ער איז שוין , וואו מיר וועלין אמאל זיין —

### יוסף (מיט גיוויין)

אה ! וויא איז מיר ! מיין טייערער זיידע ! !
איר זייט דאס גיגאנגען , פריילאך צוא דער עקידה !
איר היילינע נשמה ! איר זייט עס גישטארבין !
איר ! פון בארג מוריה דער היילינער קרבן ! !
יא , היילינער זיידע ! איר האט שוין אייער שיין
ליכטיג איז אייך ! אונטער גאטעס פליגיל צו זיין !

### בנימין

דער זעלבינער זיידע , פלעגט קוטען אלע טאג
טרייסטין דעם פאטער , פון זיין גרויסין קלאג

דען גלייך וויא דער פאטער האט בקומן צו וויסן
אז חיות רעות, האבין יוסף'ן צוריסין
האט ער אן גיטאן אזאק, צו ריסן זיינע קליידער
פלעגט זיצין אונ טרויערין, בייא זיך אין חדר
אט דארטין וואו ער פלעגט לערנען מיט אייך
דיא הענד פאר בראכין, טרערין וויא א טייך
דאס גיזיכט פאר טרויערט, דיא קאפ אף אזייט
אונ פלעגט שרייען אונ טענן רק אלע צייט:
גאט איז גירעכט אף אלם וואס ער טוט!
מיינע זינד פאר גיסין, דיא אונשולדיגע בלוט!
אוי איך האב דעם שולד, נאר איך אליין!
איך האב אים גיהייסין, אין סכנות גיין
אבער ניט דיא אונשולדיגע קינד!
וויא וואסער פון קוואל, ביזטו ריין פון זינד
אונ עד היום, אונ אזוי לאז איך אים איצונד
ער גייט נאר־אונ שרייט: יוסף מיין קינד!
אנאנדערס מאל חאפט ער זיך אויף פון שלאף
אונ שרייט; רחל! רחל! וואו איז דיין יונגע שאף!
צו ליב דיר האב איך גידינט, מיין עקרת הבית!
שטייא אויף אונ זע, דיין קינד עסין חיות!
אה! זיבעצין יאר, האב איך נחת גיהאט
מיט חכמות מיט מדות, מאך איך אים זאט
וואס איך האב גילערינט, פון שם ועבר
איצט האט זיין לייב, ניט גיפונען קיין קבר
זיין פלייש עסין, ראבין, קראעם
זיינע ביינער גריזין, חיות רעות.





אמאל חאפט ער דיא העמדיל, מיט בלוט פאר שפריצט
זיינע אויגין פאר קערט, דיא ציינער פאר קריצט
דיא גראע האר צו ווארפין, דער ליכטיגער פנים בלאס
אונ ציטערט מיט שרעק, אז דאס לייב ווערט אים נאס
קושט איר די העמדיל, שרייט רק וואס העכער
יאט דאס איז גיבליבין, פון רחלען אזכר.....

(בנימינ'ן פאר קוועצט דאס הארץ ער קען ניכט ביידין
אסנת שפארט זיך אן אן יוסף'ן אונ ויינט יעמערליך,
יוסף האלט דיא אויגין צום הימיל, דאס הארץ איז אים
פאר שטיינט, בנימין אטעמט עטוואס אב, רעט ווייטער)

אונ בלייבט באלד אין אונמאכט, לאזט אראפ די קאפ
מיר לויפין באלד צוא, מיר מינטערין אים אפ
אט אזוי איז אוועק, צוויא אונ צוואנציג יארין
אז פון דיא פרייליכע תויז, איז א בית עולם גיווארין

## יוסף

דאס איינע איז מיר אבער אגרויסע פליאה
וואו איז זיין חכמה? וואו איז זיין נבואה?
זיין רוח הקודש, וואס אויף אים איז גיוועון
וויא האט ער אלעס, בנבואה ניט גיזעהען?

## בנימין

ווען ער פלעגט זיין, בייא זיין פרייליכע תנועה
פלעגט ער ווערין, בעגייסטערט מיט הייליגע נבואה
דען דער פרייליכער קערפער, איז צו דער זעלע אישועה
אבער צייט דער אונגליק, האט אים גיטראפין

אז דער קערפער איז טרויעריג, איז דיא זעלע פאר שלאפין

יוסף

אונ קיינער דער ציילט ניט, דעם פאטער בשום אופן ?
פון דער גאנצער מכירה ? פון דעם פאר קויפין ?
גיווארפין אין גרוב, אזוי לאנג גישרויפט
ביז מיא האט מיר, צו ישמעאלים פאר קויפט

בנימין (מיט שרעק)

אין אגרוב גיווארפין ? ! אזוי איז מיט דיר ברודער גיגאנגען ? !

יוסף

אה ! אגרוב ! פיל עגדעשין שלאנגען !

בנימין

אונ וויא איז מיט דיר, אין מצרים דער גאנגען

יוסף

דאס ועסטו ווייסין, דער ווייל איז מיין פערלאנגען
דיר צו ווייסין געבין, מיין גידאנק, מיין קלער
ווי איך וועל ברייגגען מיין פאטער אהער

בנימין

אבער וויא זאגסטו ניט אן, צום פאטער אליין

(דיא זון גייט שוין אונטער, דונקיל ווערט
אויפין סטעגע, יוסף קוקט צום הימיל)

יוסף

דיא זון הייבט שוין אן, אונטער צוא גיין



וועל איך דיר קורץ, געבין צוא פאר שטיין
וואס וועל איך צום פאטער, שיקין זאגין
אז איך וויים ניט דורך וועמען, איך ווער גישלאגין
דען ווען איך האב דר ציילט, דעם טרוים פון די זון
איז דער פאטער גירירט גיווארין דער פון
זיין כעס האט גיברענט, זיין פייער פלענט גליען
דען דאס ווייזט, אז ער וועט זיך צוא מיר קניען
ווארום ווער איז די זון, ווען ניט דער פאטער אליין
דרום הייסט ער מיר, צוא דיא ברידער גיין
דאס זייא זאלין אף מיר, נקמה נעמען זאס
דען זייא האבין דאך פון לאנג, אף מיר אכעס גיהאט
אזוי האב איך זיך איין גירעט, אזוי האב איך גיקלערט
טוא וואס וועל איך שרייבין ? זיין כעס זאל זיין גימערט ?
דאמיט וועל איך אים גאר קריינקען, ניט געבין נחת,
דען דאס זעהט אוים, וויא איך טוא אים להכעיס
ער וויל מיך שטראפין, פאר מיינע זינד
אונ איך וועל קומען, מיט להכעים איצונד
בכן, „דוא פאטער מיין נאמען פאר לירשט
דיר אף להכעים, אט בין איך אפירשט„
בכן, איז בייא מיר דער הסכם גיבליבין
ניט אים מצער זיין, אונ גאר ניט גישריבין
אז איך זע אבער איצט, אז מיין גידאנק איז גאר פוסט
דער פאטער האט נעבאך, פון קיין זאך ניט גיוואוסט
יעצט, מארגין גלייך שיק איך אים זאגין
אז דיין זון לעבט, הער אויף צוא קלאגין
נאך וועמען דוא טרויערסט, מיט אהארץ אשווערע

קום אהער , אונ זעה דיין עהרע
וויא אויף אגאנצע לאנד האט ער צו שאפין
פאר אים קניען פירשטין גראפין
אונ דער פאטער , וועט גיוויס קומען צוא מיר
דען אונזער מוטער פון קבר , זאגט דאס מיר אפריער
מיא פירט — זאגט זיא — פאר אוים דיא קאלב אליין
דאן וועט שוין דיא מוטער ממילא נאך גיין

בנימין

אונזער מוטער עליה השלום
זאגט עס דיר אין חלום ?

יוסף

ניין ! נאר אפין וואר !
הער איך אירע ווערטער קלאר
ווען מיינע ברידער פערקויפין מיר, איך וואר ארעסטירט
האט מען מיר , פערביא איר קבר גיפירט
אונ ווען איך בין אין אונמאכט , גיבליבין דארט ליגין
האב איך אט דיא תשובה , פון איר גיקריגין
אונ אלס וואס איך האב גיליטין , אין מיין יונגע וועלט
האט זיך מיר אירע ווערטער , אין גידאנקען פאר גישטעלט
נאר איידער , איך וועל נאך מיין פאטער שיקין
וויל איך נאך אביסיל , מיינע ברידער דריקין
ניט אוים שנאה , חלילה ! ניט ,
וויא קומט צוא מיר , איז ביא זייא קטטה
וויל איך איצט זעהען , אויב אלע האבין חרטה

ראובן



ראובן , יששכר , זייא האב איך זעלבסט גיזעהען קלאגין
זייא האבין זיך אויף דיא זינד , אין הארצין גישלאגין
אין תפיסה האב איך גיהערט , דיא רייד , דיא דעות
דען איך האב מיר גימאכט , אז איך פערשטיי קיין העברייעש
דרום וועל איך אויף טאן , אזאך צום לאבין
איך וועל דיר מארגין , פער אגנב מאכין
אונ איך וועל דיר נעמען , פער אקנעכט צו מיר
אונ אויב זייא וועלין זיך , שטעלין פער דיר
מיט אלע קרעפטין , מיט לייב , מיט לעבין
דאן וועל איך מיר , צוא ערקענען געבין
דען דאס וועט מיר , פער אפראבע דינען
אז זייא האבין חרטה , אף מיין מכירה, אין זינען
נאר דוא דיין ראלע , שפיל קלוג , אונ גוט
זייא מיט מיר פרעמד , ביז דיא לעצטע מינוט

(עס ווערט שוין נאכט, יוסף שטייט אויף פון אונטערין בוים , נאך אים אסנת מיט אפרים , בנימין קושט אפרימן)

בנימין

אה ! מיין שוועסטערס איינקיל ! מיין ברודערס קינד !
וויא טייער וועסטו זיין, ביין פאטער איצינד !

יוסף (צוא בנימין)

דוא האסט עפעס קינדער ?

בנימין

צעהען זין זאלין לעבין
אלע נאך דיר א נאמען גיגעבין

רזא

### יוסף

דוא האסט נאך ניט געוואוסט , וואס מיט מיר האט פאשירט
וויא אזוי האסטו זיא , מיט אזעלכע געמען טיטולירט ?

### בנימין

דאמאלס איז מיר דיא נעמען , אזוי אין זינען אריין
נאר יעצט זעה איך , אז דאס איז פון נבואה אשיין
יעצט זעה איך , וויא אלע צעהען נעמען איז גלייך
פונקט וויא עס האט פאשירט , מיט אייך
והא ראיה , אז דער פאטער האט דיא נעמען בטראכט
יוסף טוז לעבין׳ האט ער בייא זיך גיטראכט
דעריבער איז צוא טרייסטין , אים גיוועזן שווער
דען ווען ער וואלט גיוואוסט , אז דוא לעבסט ניט מער
טוא וויא פיל איז דער שיר , אטויטין צוא בעדויערין
ווען יענער איז טויט , וואס העלפט דער טרויערין
נאר מיר דוכט , אז דער זיידע (זיין זעלע אויבין שוועבט)
האט גיוויס גיוואוסט , אז זיין איינינקיל יוסף לעבט
מיט ווערטער פלעגט ער ווינקען , ווען דער פאטער קלאגט
נאר איך פערשטייא ניט , פער וואס האט ער ניט אויס גיזאגט

(אפין סצענע ווערט פינצטער , אסנת ווערט
בענייסטערט , הייבט אויף דיא אויגין צום
הימיל , אלע אירע נערווין ווערין אויף גירירט)

### אסנת

אח ! הייליגער זיידע ! מיין זעלע ווערט פון דיר גירירט !
דיך האט דאס דיין פאטער , פער אקרבן גיפירט
אבינדיל



אבינדיל האלץ אפין פלייצע ! דעם חלף אין האנד
איר גייט עס ביידע פרייליך — צוא מוריה לאנד !
דיין פאטער בינדעט דיר , דיינע הייליגע גלידער
אונ לייגט דיר אפין מזבח אנידער ! !
זיין יצחק ! זיין טרייסט צו הונדערט יאר !
אונ דוא ! זעסט שוין דיין טויט אף קלאר
דוא ווייסט וויא דיין מוטער , לאזט דיר קאם אפ
איר נייניצינ יארינין בן יחיד , איר איין אונג אין קאפ !
אונ דוא האסט נאך קעגין חלף , דיין האלז אויס גישטרעקט
דיין טאטע נעמט שניידין , אט . . . אט . . . איז גיעקט . . . .
דא האבין זיך מלאכים , קוקין גישטעלט
וויא דער טאטע מיטין חלף , דער זון דיא האלז אויס גישפעלט
דיא אויגין ריגען טרערין , דאס הארץ קוועלט !
אוי — ער טראגט שוין , אוי — צום האלז ניט ווייט . .
ער לייגט שוין ארוף . . . אוי — ער שנייט ! . . . . . .

(אסנת פאלט אין אונמאכט)

## ענדע פערצענטע סצענע

## פינפצענטע סצענע

(דיא וועג פון מצרים קיין כנען , צווייא ווארסט פון מצרים)

(בוימער פון ביידע זייטין גאשציגעץ , דיא עלף

בריידער פון יוסף פארין אן , יעדערער פירט זיין
אייזיל פארין האנד , דיא תבואה אויף דיא
אייזלען ניפאקט , עס הערט זיך אשטימע
שרייט : האלט ! עברים ! ·ווארט ! שטייט ! !)

## נפתלי

מיר דוכט אז איינער צוא אונז שרייט
(אלע שטעלין זיך אפ הארכין . דיא שטים
געהענטער שרייט : האלט ! שטייט !)

## שמעון

א , ריכטיג , עס הערט זיך אקול פון דער ווייט
(זייא שטעלין זיך אנידער , דיא שטים
איז שוין נאהענט שרייט : ווארט !)

## זבולון

בריידער ! דיא שטים זעהט מיר אויס
פון דעם אדיוטאנט פון וויצע קעניגס הויז

## אשר

בריידער ! מיר זיינען נאך ניט פטור
מיר זיינען נאך ניט , אין דער היים ביין פאטער

(סלוא קומט אן , ער רוהט עטוואס אב)

## סלוא

פון אשעה אז איך שרייא , אונ איר קערט אייך ניט אום
טויב זייט איר עברים ? צי שטום ?
דער



(ער דיקעט אב)

דער זילבערנער בעכער , וואס איר האט גיטרונקען
איז ער ניט גיוואורין , אזוי וויא איין גיזונקען
קיין אנדערער וויא איר , וואר ניט אין הויז דארט ;
איר האט אבער עברים ! גיט גיטראפין דעם ארט
דאס ערשטע , דארפט איר דאך פערשטעהן גאנין גוט
אז מיא גיצט אים שטענדיג , וועט מען שפירין דיא מינוט
צווייטינס , בענוצט מיין ווירט , מיט דעם בעכער , צויבעריא
אונ ביא וועמען גנבת איר ! הלעבין אשטותריא

(דיא בריידער קוקין זיך אן מיט פערוואונדערונג)

## יהודה

ליבסטער הער ! איר ערגערט אייך אום זיסט
קיין גנבים — טרויט אונז — זיינען מיר ניסט
פון כנען יענע געלט , בריינגען מיר צוריק
בפרט גאך גנבנען זילבער א שטיק ? !
גיפינט איר ביא וועמען , דעם בעכער פון הערין
זאל יענער צום טויט , שטראפירט ווערין
אונ מיר אלע , זאלין זיין צום הערין קנעכט
יא ? מיין הער ! האב איך רעכט ?

## סלוא

אזוי דארף עס זיין , נאר איך זאג ·נייני
אקנעכט זאל נאר זיין , דער גנב אליין
אונ דיא איבעריגע אלע , בלייבין ריין
אונ איר קענט אייך לשלום , צו אייער פאטער גיין

(די ברידער נעמען אראפ די זעק, סלוא פאנגט אן צוא זוכין פון די עלטערע ברידער, ביז ער קומט צוא בנימין, ער שטעקט אריין די האנד און נעמט ארויס דעם בעכער, די ברידער פאר ברעכין די הענד, און צוא רייסין די קליידער)

סלוא (מיט אשמייכיל)

נוא, ערדענטליכע לייט! וואס וועט איר יעצט זאגין?
געוויס האט אוו גד, אהער דעם בעכער פאר טראגין?!
אברהמס אייניקלאך גנבענען?! פוי מיאס!!
נוא, נוא, ערליכע לייט! מאכט קיין שיהות,
אט דאס איז שיינע אורחים?! אה גאט!!
נוא, נוא, גיכער! צוריק, צוריק אין שטאט!

(די ברידער לייגין ארויף די זעק צו ריק אף די אייזלין, יהודה צוא בנימין מיט אפערדריסליכין צארין)

יהודה

אפשר וויא דיין מאמע מיט די בילדער?! ביזט דאך רחל'ס זון!

בנימין

גאט וויים דעם אמת, אז איך בין ריין דער פון

יששכר (צו יהודה)

וואס בעשולדיגסטו אמענשין אריינעם?!
מיר האבין ניט צוא בעשולדיגין קיינעם!
מיר ווייסין אליין...... דער געוויסין דארף אונז ברעכין
גאט מאנט אויף – פריער – שפעטער – עס ווערט ניט פערגע[...]



(זייא קערין זיך אום צוריק, ביז מען זעהט זייא שוין ניט אפין סצענע)

## ענדע פינפצעהענטע סצענע

---

# זעכצענטע סצענע

(יוסעפס גאסט זאל)

(יוסף, אסנת, מנשה, אפרים, איינינע אדיוטאנטין, סלוא קומט אריין מיט דעם בעכער אין האנד, נאך אים אלע זין פון יעקב שרעקליך פאר שעמט, זייא בלייבין שטיין ביין טיר)

סלוא

דאמט אויף די שטוב! אלץ וואס איז פאראנען
פילייכט וועט זייא, נאך עפעס גיפעלין פון דאנען

יוסף

נוא, עברים! אט דאס וואס בעדייט?
אברהמס אייניקלאך?! ערדענטליכע לייט?!
מיר רופט מען דאך "צפנת פענח" דער בייא,
דאס אלע פערבארגענהייט, איז מיר אפין, פרייא,
אן דעם בעכער, פאר שטייא איך צוויבעריא

יהודה

מיר קענען ניט ריידין, גוט אדער שלעכט

נאט מאנט דא אויף , פון אונז זיין רעכט
מיר אלע, אלע , פאר בלייבען היר קנעכט

יוסף

חלילה ! ביא דעם וואס מען האט דעם בעכער גיפונען
יענער פאר בלייבט , היר אף צוא דינען
וואס האב איך צוא אלעמען ? איר קענט אייך גיין
דיא שטראף דארף ליידין , נאר דער גנב אליין !

יוסף (צוא סלוא ווייזענדיג אף בנימין)
פיר אים אריין צוא מיר אין הויז

(צוא דיא ברידער)
איר קענט אייך גיין , איר זייט לויז

(סלוא נעמט בנימינ'ן , פירט אים אריין אין
אזייטיגין צימער , דיא ברידער ברעכין דיא
הענד , וויינען שטילערהייד , יהודה טרעט אב
פון דיא ברידער , גינעהענט צוא יוסעפס שטול) .

יהודה

דורכלויכטיגסטער פירשט ! ערלויבט מיר צו ריידין
איר זייט גלייך וויא דער קעניג . איך שעץ אייך ביידין
דעם ערשטין מאל , ווען מיר זיינען גיקומען
האט מען אונז אונשולדיג , צוא אייך פערנומען
פון דיא שטריינגע דאפראסין , וואס איר האט אונז גיפרעגט
האבין מיר אלע הינזיכטין פון הויז , אייך אנגדעקט
ביז איר הייסט דעם איננסטין בריינגען אהער
מיר האבין אים פון פאטער , בעקומען גאנץ שוועהר
דען צייט יענער קינד , איז אים פערפאלין גיוואורין





איז אים דער גיבליבין , דער טרייסט צו די אלטע יארין
דען זייער סוטער , האט נאר דיזע צוויא גיבארין
דאן אז דריקט דער הונגער , שוין ניטא קיין קארין
האט דער פאטער אויף מיינע הענד , אים מיר גיטרויט
אבער זיין שיידין זיך , וואר שווער וויא דער טויט
אז איך האב אים שוין גינומען , קיין מצרים גיבראכט
ווערט נייע בלבולים , אף אים אויס גיטראכט
אונז דער הער פערלאנגט , אים צוא פערהאלטין
קומען מיר אן אים , צוא אונזער טאטין דעם אלטין
ווילען מיר זעלבסט אפין פאטער דיא מערדער זיין
אונ ער קומט מיט טרערין , חלילה אין גרוב אריין
פערלאנג איך יעצט פון הערן , דיא איינע רעכט
דאס איך זאל פערבלייבין , אנשטאט אים פאר א קנעכט
איך האב מער קרעפטין , איך בין א העלד
איך וועל זייא נוצין , אין הויז אונ אין פעלד

(יוסף שטייט אויף פון זיין שטול צום אוועק גיין)

יוסף (אלס ער שטייט אויף פון שטול)
גינוג שוין פלוידערין , איך האב קיין צייט
לאזט מיך גיין האנדלען , מיט ערליכע לייט

(יהודה קוקט מיט צארין , פון זיינע
אויגין שיסין אים בלוט ארוים)

יהודה

לאמיר זיך זעגנען אין פרידען , וואלט איך ליבערשט זאגין
(ווייזינדיג אף שמעון מיט לוי)
אט דיא צוויא מענשין האבין דיא שטאט שכם דער שלאגין

יוסף (מיט אנילעכטער צו זיינע אדיוטאנטין)

חה חה חה איינער האט זיך אמאל בעריהמט
אז ער וועט צו רייסין אלייב, בשעת ער ברומט
אסימן : אין וואלד האבין זיך מוראסקעס גישאטין
האט ער זייא אלעמען, מיט איין פוס צו טראטין

(צוא דיא ברידער)

שוטים ! אין שכם זיינען זייא אלע צו בעט גילעגין
שוואכע, קראנקע, אן שפייזין אן דעגין
אונ בסך הכל, דרייא הונדערט מאן
אין מצרים, איז צוועלף מיליאן מענשין פאראן !!
טויזינדער גבורים !! פולקין מיליטער !!
מעכטיגע קרעפעסטין !! פול מיט גיווער !!
אה ! גיין פריינד ! איר אירט אייך !
מצרים איז נאך צו שכם נים גלייך !!
אבער פערוואס דיינע ברידער, מאכט עס ניט אוים ?
נאר דוא, שטעלסט זיך מיט דיין גרוים מויל ארוים ?

יהודה

דען דער פאטער, טרויט מיר אים אף מיינע הענט
אנדערם אים נעמען, האב איך ניט גיקענט
דרום בין איך פער אים, אערב גיווארין
זאנסט, לאזט אים דער פאטער, גיט פארין
אבער דער הערר וועט, גיוויס, מאכין אבייט
דען איך וועל אים נוצין אלע צייט
אין אאום שלום, שטעלט מיך צום שטרייט
וועל איך קאסין ווייא הייא, וויא זאנגען מי שנייט

יוסף



יוסף (צוא זיינע אדיוטאנטין)

איך וואלט עס טאן, נאר ער שרעקט מיך איין
איך פירכטע, עס וועט בייא מיר צוא הויז מלחמות זיין

(יוסף בעדיינקט זיך אקליין ווילע)

יוסף

איך וועל דעם פאטער בעפרידיגין, מיט אנאנדער זאך

יהודה

דורכלויכטיגסטער פירשט ! לאזט שוין גימאך
גינוג שוין אונז צו קריינקען, גינוג שוין צו שטרייטין
דער פאטער וועט זיין קינד, אויף געלט ניט בייטין

יוסף

איך דיינק ניט, צוא באצאלין אים מיט געלט
נאר מיט וואס — דוכט מיר — ער וואלט אליין גיוועלט —

יהודה

וואס איז פער אזאך ?

יוסף (צוא זיינע קנעכט)

הייסט אלעמען אבטרעטין, אליין גייט אויך ארוים
אויסער דיא עברים, זאלין בלייבין אין הויז !

(אלע גייען ארוים, מיט זייא אסנת
אויך, אויסער עבדון אונ מנשה)

יוסף

איך קען אייך ווייזין אייער פערלארענעם ברודער

גינוג

יהודה

יינגג שוין צוא קערין אונזער הארץ וויא ארודער
מיר זיינען קינדער פון שם ! — ניט פון חם ! —
פירכט'ט אייך , פאר דעם גאט פון אברהם !!!

יוסף

איך בין ערפארין , מיט דיא הילפע פון גאט
אז אייער ברודער , איז היר אין שטאט
אונג אזוי וויא איר , שטייט דא גלייך
וועט איר זעהען , אייער ברודער פער אייך !

(דיא ברידער קוקין זיך אלע אן מיט גרויס פערוואונדערונג)

יוסף צוא עבדון

דעם גאלדענעם טאץ , דער לאנג אהער !

(עבדון לויפט ארויס , טראגט ארײן דעם טאץ
אין אשייד יוסף נעמט דעם שייד אראפ, טראגט צו
דעם טאץ צום מויל, זאגט וואס איינינע ווערטער
שטילערהייד , טוט אן דעם שייד צוריק)

יוסף (צום קנעכט)

הייבג אויף דעם טאץ אפין מיר
מיט דעם לויטערין זייט, אנטפקעגין מיר

(עבדון הייבגט אויף דעם טאץ)

יוסף (צוא דיא ברידער)

גענטער צוא מיר קומט ברידער !
פון ביידע זייטין שטעלט אייך אנידער

יוסף צוא עבדון

גלייך וויא איך רייד
נעם אראפ דעם שייד



(עבדון האפט דעם שייד אראפ , אונ גייט באלד ארויס)

יוסף (צוא דיא ברידער)

קוקט זיך איין אין טאץ , אין שיין , אין דאס ליכט
זעהעט איר דארטין אייער ברודערס גיזיכט ?

(דיא ברידער קוקין אין טאץ)

(דיא ברידער)

ניין

יוסף

קוקט זיך אקארשט איין, אין טאץ גוט
זעט איר איינעם , אין אגאלדענע הוט ?
אפין האלז אקייט , ביין זייט אדעגין
אין אווייסין טורבאן , מיט רויטע ברעגין
אין אלאנגע בלאע זיידענע קלייד
זיין קינדזאל, מיט אגאלדענעם שייד ?
איר זעהט אים ניט ? אך ! אזוי מהודר
איז דאס ניט אייער ברודער ??

(דיא ברידער בלייבין שטיין שרעקליך ערשטוינט ,
יוסף ווינקט צוא מנשה'ן ער זאל ארויס גיין)

יוסף (אין דער הויך מיט אגיוויין)

איך בין אייער ברודער יוסף ! איך !!
וואס קיין מצרים פערקויפט איר מיך
וואס מאכט מיין פאטער ? איז ער נאך בייא זיין קראפט ?
האבין אים זיינע צרות , דיא כוחות ניט פאר שלאפט ?

דיא

(די ברידער בלייבין צוא דולדעט,
קענגען קיין וואָרט ניט ענטפערין)

יוסף

וואס זייט איר ערשראָקין ? קומט נעהענטער צוא מיר !
וואו איז מיין בנימין ? לאָזט אים ארויס פון טיר !

(בנימין לויפט ארויס פון טיר, ער פאלט ארויף
יוספן אפין האלז, קושין זיך אונ וויינען זייער פיל,
דיא ברידער ניינען אן אשפראך גיבליבין)

יוסף (צוא דיא ברידער)

זייט ניט אונרוהיג, זאל אייך ניט פאר דריסין
אזוי איז גאטעס פירונג, מוזט איר וויסין
ער שיקט מיך אהער, אייך צוא שפייזין
דיינקט ניט, אז איר האט עס גיטאן פאר גרייזין
אזוי איז גאטעס רצון, אזוי איז זיין זינען
כדי ער זאל אייך פון הונגער אנטרינען
ער שיקט מיך אהער, אין קרוין צוא זיין גיצירט
ביין קעניג ווייא אפאטער, אין זיין הויז דער ווירט
גאנץ מצרים, ווערט מיט מיין צעפטער גיפירט

(אסנת קומט אריין מיט ביידע קינדער)

אט די אסנת מיין פרוי, וועלכע איר זעהט איצונד
זיא איז אונזער שוועסטער דינה'ס אקינד
מיט איר האב איך, דיזע צווייא קינדערלאך דער לעבט
וואס איך בין צוא זייא, ווייא צום פאטער צוא גיקלעפט

(בנימין נעמט ארום מנשה אונ אפרים, קושט זייא זייער



פיל, יוסף פאלט ארויף אף דיא האלז פון איטליכען
ברודער בעזונדער, קושט זייא אונ וויינט זייער פיל)

ראובן (אלס ער קומט עטוואס צוא זיך)

אה גאט !!!

יששכר

יוסף לעבט !!!

יהודה

פאטער !!!

אשר

אה! מיין הארץ גלויבט מיינע אויגין ניט!!!

נפתלי

אה! דעם פאטער ווער זאגט אן ??

גד

אה! וואס נעה איך ??

(שמעון, לוי, זבולון, דן)

אה! גאט דוא גרויסער !!!

דער פארהאנג פאלט

ענדע זעכצעהענטע סצענע
אונד אויך
זעקסטער אקט

---

# זיבעטער אקט

## זיבצעהנטע סצענע

(אוואלד ביא חברון)

(פאר טאג בעגינען)

יעקב אליין ניקניט אויף דער ערד

גאט דער קעניג, איבער אלע קעניגרייך
אויף דער ערד, אין הימיל, ווער איז צו דיר גלייך
ביזט פריער גיוועזן, איי עס וואר נאך גאר מענ
וועסט זיין שפעטער, אן אשיעור, אן אברענ
דוא ביזט פון אלעמען, פאר בארגין פאר דעקט
אין יעט ווידער זאך, ביזטו דאך אנפלעקט
דער דומער מענש, וועט דיר אייביג ניט גיפינען
דיר זעהען קיין הערצער, נאר דער זינען
מיר זעהען דיך ניט, אפילו אין דער ליכטיג
אונ אין דער פינצטער, זעהסטו גאנץ ריכטיג
דיא סיבה דיא אורזאך, ביזטו פון אלע זאכין
אלם וואס דיין ווילן איז, דאס קענסטו מאכין
אונ וייל ביא אונז טויזינדער יארין
איז ביא דיר וויא ארגע, פאר ביא גיפארין
זעהען מיר גאנץ קורץ, אונ דרום
וואס ביא דיר איז גלייך, איז ביא אונז קרום
דאס וואס ביא אונז, זעהט אוים שלעכט
ווייסטו אז דאס איז, גלייך אונ רעכט
דען דוא קוקסט גאנץ ווייט, ביז צום סוף





אז דאס איז אטובה, ניט אשטראף
גאר דוא גאט, קענסט עס דעם סוד ווייסין
וואס חיות האבין, מיין קינד צוא ריסין
דער מענש קוקט קורץ, אונ דוא קוקסט וייט
ענדעק מיר גאט, וואס דאס בעדייט —
שוין צווייא אונ צוואנציג יאר, אז דאט טוט דויערין
ענטדעק דיין סוד, איך זאל ניט טרויערין
איך וויים, דיין פירונג איז גוט, אונ קלוג
צוא מיינע צרות, זאג שוין "גינוג!" — — גינוג!! *)

(יעקב בלייבט שטיין ערשטוינט, ער קוקט זיך ארום)

גינוג? מיינע צרות איז שוין גאר?
אבער ווער ענטפערט דאס מיר? וויים איך ניט קלאר
גאט! דו ענטפערסט דאס? קענסט! ביזט אתקיף.
ערבארעם דיך אף דיין קנעכט יעקב!! — יעקב!!
ווער רופט עס מיר? איך מוז לויערין

(ער קוקט זיך ארום)

ועמען פרייט עס מיין טרויערין!? — טרויערין!!
טרויערין זאל איך? אף מיין פיין?
איך גיב מיר גאט! איבער אין דיין האנד אריין
דען אלם וואס איך האב, איז דיין! — דיין!
מיין? ניין, צוא דיר גיהער איך, עוויג, אונ איצונד
אלעם, אלעם, יעדער שאף, יעדע רינד
יעדער מינוט לעבין, יעדער קינד! — — — קינד!
אח!! ווער דער מאנט מיר מיין שמארץ?

---

*) דאס ענטפערט אזכא פון וואלד דעם לעצטין ווארט

נוער פער גרעסערט דיא וואונדין פון מיין הארץ ?
צוא דער מאגען מיר, מיין קינד יוסף ? — יוסף ! !
יוסף ! ! דיין גיזיכט מיר שטענדיג שוועבט
דיר צו רייסין חיות, אוי ! אונ דיין מאטע לעבט ! ? — לעבט ! !
ער לעבט ? ניין, דאס הייסט קיין לעבין
איך בין שוין לאנג צום טויט גיגעבין
איך ניי איבער גוואלד, איך לעב איבער דאנק
גיבוירין אין צעהנען, שוואך אונ קראנק
אה ! יוסף וואר מיין לעבענס קוועלע
נוא, לעבט אקערפער אן אזע ?

(ער בלייבט אן קרעפטין)

אח ! איך האב קיין קרעפטין, צוא גיין אהיים
איך וועל מיך דא זעצין, אונטער דעם בוים

(ער זעצט זיך אנידער, בעדיינקט זיך עטוואס)

וואס איז דארט מיט מיינע קינדער גיווארין ?
אין שטוב איז שוין באלד גיטא קיין קארין
זייא האבין שוין גידארפט, קומען צו פארין ?

(ער בלייבט שטיל)

אבער ווער ענטפערט דאס מיר, ווער ?
אפרעמדער מענש ? וויא קומט ער אהער ?
לאכט נוער פון מיר, ווען מיין הארץ איז שווער ?
קען ווער זיך פרייען, אויף מיין טרער ?
פיליינט דוא גאט ? גאט מיין הער !
פיליינט האסטו דיין הילפע גישיקט
צו ערפרייען דיין קנעכט, ווען ער איז גידריקט



אונ מיט דיינע ווערטער, האסטו אים בעגליקט ?
דוא ענטפערסט מיר גאט ! מיט דיין שטים פון ווייטין ?
דארף מען דאך קלערין, וואס דאס טוט בעדייטין . . . . . .
אויב ניט זיבין ווערטער, האב איך יעצט גיהערט
ווען איך בין גישטאנען, ביין בוים פער קלערט
״גינוג, יעקב, טרויערין״, אח וויא קלוג !
גאט, ! ! דוא זאגסט מיר, אז טרויערין איז גינוג ?
אבער דיא לעצטע ווערטער ״דיין — קינד — יוסף — לעבט״,
עפעס דאס האט מיר צום הארצין ניט גיקלעפט
שוין צוויי אונ צוואנציג יאר, אז ער האט ווי אפויגיל פערשוועבט
בייזע טהירען פון וואלד, האבין זיין פלייש צוא שלעפט
יעצט זאגסטו מיר אן, אז יוסף לעבט

(עס הערט זיך אגיזאנג פון אדראמען שטים מיט
דעם שפילין פון אגיטארע, הינטערין וואלד)

אוי ! גיין, ניין, פון צער פון אנגסט, בין איך פערדולט
אבער — וואס הער איך עס — מי זינגט מי שפילט —
אה ! וואס פאר אזיסער שטים, וואס פאר אשיינע גיזאנג
שענער, שענער, פון דיא פויגיל קלאנג — .

יעקב בלייבט שטיל, ער הערט דיא ליד הינטערין
וואלד (וויא עס זינגט אונ שפילט מיט דינע ווערטער)

1.

דעם קוואל פון הילף, עפינט גאט
טרוקענע הערצער ! פון דארטין שעפט !
ווי גרוים ווי טיף, איז גאטעס ראהט
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

פון

2.

פון מצרים שפראצט, דיא הילף ארויס
גאטעס האנד, האט אים פערשלעפט!
אה גאט ! ! דיא פרייד וויא גרוים !
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

3.

קומט אהער, היילינע נייפטער !
צוא מיין זיידין, ניבער שוועבט
גאט דוא גרויסער ! ביזט אמייסטער
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

4.

קוקט נאר מענשין, זעהט אונ שפירט
וויא קינסטליך, דער שפין זיין שטיביל וועבט
נאך קינסטליכער, האט דא גאט גיפירט
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

5.

זינגט איר פיינגלאך ! נאכטינאלין !
צו פרייד, זייט איר ערסט ארעצעפט
דעם זיידינ'ס טרוים, איז ניט פערפאלין
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

יעקב (מיט פערוואונדערונג)

אח דיא שטים, וויא זיס, וויא שיין
שרה ? דוא ביזט דאס מיין קינד אליין

פר



פון דיין שטים, דער קען איך דיר
אהער מיין קינד נעהענטער צוא מיר
(עס קומט אריין שרה מיט אגיטארע אין האנד)

יעקב

זינגסט גאנץ שיין, מיין ליבעס קינד !
נאר מיינע וואונדין, רייסטו אויף איצונד
דער מאנסט מיר יוספן, אוי מיר אונ ווינד !

שרה

חלילה איך זאל דיין הארץ בעשווערין
איך זאל זיין גערין, דיינע טרערין,
מיין ליד איז נאר אויף פרייד גיגרונדעט
דיין הארץ צו היילען, וואס איז פער וואונדעט

יעקב

מיין הארץ צו היילין, זינגסטו דיין ליד ?
אח דאס רייסט מיר אויף, גליד פער גליד
דיא וואונד איז גיוועזן, שוין צוא גיקלעפט
זינגסטו אליד, אז יוסף לעבט —
פאר דיר איז אליד, פאר מיר אשפאט
גאט וויים, וואו מיין יוסף איז
דער וואלד האט שוין אן דיא חיה פער געסין
וועלכע האט מיין קינד אויף גיגעסין
(מי זעט פון ווייטין דורך דיא פענסטער קומט אן דינה)

שרה

דיא זיבין ווערטער, וואס האט דיר אין וואלד גיקלונגען
אויף דיא ליד, וועלכע איך האב גיזונגען
דיא ביידע אין ריבטינ, קענסטו וויסן

קיין חיות האבין עם ניט צוריסין

דינה (פער שלאגענדיג ערבה'ס ביידי)

הײלינער פאטער! איך זאג דיר אן
מײנע ברידער, קומען אן
זייא גייען צוא דיר אהער אין וואלד
אגליקליכע בשורה, ברײנגען זייא דיר באלד

(יעקב שטייט אויף מיט האסט, לויפט צו די קינדער,
דיא קינדער לויפין אים אנטקעגין, יעקב קושט זייא)

יעקב

וואס זעה מאכט איר, מײנע ליבע קינדער?
זייט איר געזונד, איטליכער בעזונדער?

(ער דער זעט שמעונ'ען ער פאלט אים ארוף אפין האלז)

יעקב

וואס זעה מאכסטו? מיין אונשולדיגער ארעסטאנט
דיא תפיסה פון מצרים, איז דיר שוין אויך בעקאנט?!

שמעון (ווייזענדיג אף דיא ברידער)

ווען זייא וואלטין זיך פער זאמט, נאך אפאר וואכן
וואלט איך איביג פון תפיסה ניט ארויס געקראכין

יעקב

ווארום מיין קינד?

שמעון

דען איך וואלט געווארין אזוי פעט אונ דיק
אז איך וואלט ניט קענען ארויס צוא ריק

יעקב

מיך וואונדערט אפין וויצע קעניג זייער
אנפאנג מאכט ער אייך, אנגסט אונ טרויער



דער נאך ווערט ער פלוצלונג אזוי גוט
איך דענק, ער איז אשווינדלער, אפלוט?

(מי זעט קאראטין קומען אן)

יששכר

אין אברהמ'ס אייניקלאך, איז ניטא קיין פלוטין —
וואלסט דאס זעהען אביסיל, זיין האראקטער דעם גוטין

יעקב

וואס הייסט? איז ער דען פון אונזער משפחה?
גוא, זאל אים גאט בענשין, פון מיין יידינס ברכה

(דער קוטשער פון יוסף'ן געגעהענגט צוא יעקב)

(דער קוטשער)

ליבסטער אלטער! דער וויצע קעניג שיקט מיר צוא אייך
בעטין איר זאלט קומען, קיין מצרים גלייך

יעקב

בעדאנקט אייער הערין, איך וועל גיסט פארין
צוא שווער פער מיך, פער מיינע אלטע יארין

(דער קוטשער)

דרום שיקט אייך דער וויצע קעניג קאראטין
איר זאלט קענען פארין, עס זאל אייך גישט שאטין

יעקב

מיינע קינדער קומען איצט, איך וויל וואס מיט זיי ריידין
ווילט איר מיר שוין, פון מיינע קינדער שיידין
געכטינגט פריינד! מארגין פארט אייך צוריק
בעדאנקט אייער הערין, ווינשט אים גליק

(דער קוטשער)

פער דיא גאנצע געזונד, שיקט מיין ווירט קאראטין
אלעמען צוא ברייגנען, האט ער מיר געבאטין

יעקב

וואס האבין מיר ביא איהם, אזוי פיל פער דינט
אז ער הייסט צו זיך ברייננגען, מיין גאנצע גיזינט:

יששכר

ער מיינט נאר אונזער טובה, וויא עס שיינט
דען ער איז מיט אונז אנגאהענטער פריינד

יעקב (מיט פערוואונדערונג)

אפריינד איז ער אונזערער? וויא אזוי?

יששכר

וייל דיין דינה'ס טאכטער, איז זיינע אפרוי —

יעקב (ערשטוינט)

דיא קליינע אסנת? דיא דבייא יארינעם קינד?
איז אוויצע קעניגין, צוא מצרים איצונד?

דינה

אונ דער וויצע קעניג זעלבסט, דער אדעל גיבארענער
איז מיין ברודער יוסף, דיין זון דער פערלארענער

יעקב (מיט גיוויין)

וואס לאכט איר קינדער פון מיר;
מיין הארץ שפרינגט מיר ארויס שיר

נפתלי

חלילה פאטער! מיר זאלין דיר קרינקען
מיר ווילין דיר ריכטיג מיט אבשורה בעשיינקען

(אלע)

יוסף לעבט! זאלין מיר לעבין אזוי!
אונ דינה'ס טאכטער, איז זיין פרוי
אויף גאנץ מצרים, האט ער צוא באטין



אונ ער שיקט עס דיר דיא קאראטין

(דיא ווייזין אן אף דעם קוטשער אחישחר)

אט ביא דעם הערין קענסטו פרעגין
ווער עס שיקט דיא פערד אונ וועגין

יעקב (צום קוטשער)

אה ליבסטער הער!! ווער האט אייך אהער גישיקט??
אונ וויא האט ער דיא ווערטער אוים גידריקט???

אחישחר (דער קוטשער)

דער הער וויצע קעניג, מיט זיין פרוי
פער זאגין מיר, מיט דיא ווערטער אזוי
פאר קיין כנען, מיט מיינע ברידער
בריינג מיין פאטער צוריק, מיט זיא ווידער

יעקב (מיט אגישריא)

אח גאט!!!
(ער פאלט צוא דער ערד, אלע לויפין צוא בערוהיגין איהם)

שרח

ווייא איז מיר!! מיין זיידע איז אין אונמאכט גיבליבין!!
זיין פרייד האט איהם, זיין לעבין פער טריבין!!

דינה (פאלענדיג אפין פאטער)

בערוהיג דיך פאטער! אוי ווייא איז מיר!!
ער איז גיבליבין!! ער גיט זיך ניט אריר!!

(דיא קינדער אלע לויפין צוא, הייבין איהם אויף
בעגיסין איהם מיט זייערע טרערין, יעקב קומט עטוואס
צו זיך, דיא קינדער זעצין איהם אנידער גערין אבוים

יעקב (מיט אפריידין גישרייא)

אה גאט!! מיין קינד יוסף לעבט!!!

(ער שפארט זיך אף אן בוים פון שוואכקייט)

(אלע)

ער לעבט ! ער לעבט ! אונ איז גרויס אין שטאנד
ער איז דער צווייטער , פון פרעה'ס האנד
אויבערשטער קעניג , אויף מצרים לאנד

יעקב

אה ! גינוג פאר מיך ! ! מיין יוסף לעבט ! !

(אלע)

אונ יוסף בעט דיר , צוא איהם צו רייזען
זיין גליק , זיין גרויסקייט , דיר צוא ווייזען
ער וועט דיך , צוא דיין עלטער שפייזען

יעקב

מיינע טרוימען זעה איך דעם אויגען בליק ! !
פון צוויא אונ צוואנציג יאר צוריק ! !
אה ! וויא ריכטיג זייא פלעגען ווייזען !
יוסף וועט מיך צוא דער עלטער שפייזען !
(יעקב קניעט זיך אף דר ערד, פער שפרייט די הענד צום הימל)

יעקב

גאט פון אברהם ! וואס דוא זיצט אויבען
איך האב קיין ווערטער דיך צוא לויבען
קענין דיין פירונג , ווער קען זיך קליגין
מיר זיינען קינדער פון דיא וויגין
מיר זיינען דוהם , מיר זיינען בלינד
וויא אפריש גיבארענער קינד
יוסף ווערט פון מיר פערלארין
קלאג איך צוויי אונ צוואנציג יארין
אונ דוא פירסט איהם קיין מצרים
מיין זיידינ'ס הבטחה צו זיין מקיים —



יעצט פערשטייא איך וואס דאס בעדייט
וואס איך האב דא פריער אשטימע שרייט
אונ וואס איך רייד דא, אף אנארט
ענפערט דער וואלד , אויף יעדער ווארט
גינוג , יעקב , טרויערין ,
דיין , קינד , יוסף, לעבט" ,
גאט ! דיין שטימע ברעכט איין מויערין
דיא נבואה ווייטער אויף מיר שוועבט
די היילינע גיפיהלע , ווען דוא מיר ווייזט
ווער איך בעגייסטערט , פון דיין גייסט
צייט עס טרעפט מיר , דיא גרויסע שרעק
איז דיין נבואה , פון מיר אוועק
וויא דוא האסט מיר, איצט ערפרייט
מיט נבואה האסטו מיר בעקלייט
גאט פון אברהם ! וואס דוא זיצט אויבין
איך האב קיין ווערטער , דיך צוא לויבין
דיך לויבט מיין הארץ, אונ מיין גיפיהל
פער דיר אלוהב — איז שווייגין שטיל . . . .
(יעקב שטעלט זיך אף דיא פיס)

1.

יעקב זינג מיין זעלע ! זינג צוא גאט
וואס זיינע וואונדער, בעוויזין האט
ער גיט דיר פרייד, פאר דיין לייד
ער טוט דיר אן , אנבואה קלייד

(דיא קינדער)

האפט צוא גאט , אייביג ברידער
האפענונג איז אגוטער רעצעפט

גאט ערפרייעט, דעם טאטין ווידער
ער זאגט אים אן, אז יוסף לעבט

**2.**

יעקב זינגט צוא גאט, איר הויכע שטערין!
אויך דיא זון מיט דיא לבנה
איר זעהט פריער, מיינע טרערין
פרייעט אייך איצט! מיט מיין מתנה
(דיא קינדער)
האפט צוא גאט, אייביג ברידער
האפענונג, איז אגוטער רעצעפט
גאט ערפרייעט, דעם טאטין ווידער
ער זאגט אים, אז יוסף לעבט

**3.**

יעקב רחל! רחל! מיין געליבטע
קום אהער! וואו דיין זעלע שוועבט
ערפרייע דיין הארץ, די בעטריבטע
דיין בן פורת, האט אב געלעבט
(אלע)
דינג מיין זעלע, זינג צוא גאט
עס זיינע וואונדער, בעוויזין האט —

(דער פארהאנג פאלט)

# ענדע

